# גייסטיגע ערציהונג פון קינד

קינדער-פסיכאלאגיע — ערציהונגס-באדינגונגען.

פון

האננאה ג. סאלוצקי

ארויסגעגעבען פון פארלאג „דאס קינד",
נויארק, 1920.

געווידמעט די קליינע קינדער וואָס האָבען זיך
געלאָזט אריינקוקען אין זייערע לויטערע נשמות.



אַ ווינקעל אין אַ קינד'ס צימער, וואו די גאַנצע אומגעבונג איז צוגעפּאַסט צום קינד'ס וואוקס. (זעה זייט 121)



אַ פּאַסענדע קינדערשע אומגעבונג אויף אַ דאַך פון אַ טענעמענט-הויז. דאָס מעבעל און די שפּיעל־צייג זיינען אַזעלכע, וואָס העלפען די קינדער ענטוויקלען זיך דורך שפּיעל.

# אינהאלט:



## ערשטער טייל.
# קינדער־פּסיכאָלאָגיע.

### ערשטער קאַפּיטעל:
### די חושים



### צווייטער קאַפּיטעל:
### די אינסטינקטען

דריטער קאפיטעל:

## דער פארשטאנד



פערטער קאפיטעל:

## דער ווילען



פינפטער קאפיטעל:

## געוואוינהייט



זעקסטער קאפיטעל:

## נאָכאהמונג

צווייטער טייל.

# ערציהונגס־באַדינגונגען.

## זיבעטער קאפיטעל:
## פרייהייט



## אכטער קאפיטעל:
## געהאָרכזאַמקייט



## ניינטער קאפיטעל:
## זעלבסטשטענדיגקייט און אונאָפּהענגיגקייט

צעהנטער קאַפּיטעל:

## שפּיעל און אַרבייט

# פאָרוואָרט

פרידריך פרעבעל (דייטשער פעדאגאָג און דענקער, דער גרינ־דער פון קינדערגאָרטען סיסטעם, 1782־1852) זאָגט ערגיץ:

„דער קינדערשער גייסט איז אַן אוצר, וואס ליגט פארשלאָסען אין א קעסטעלע; דער מוטער'ס ליעבע איז דער פאר'כשופ'טער שליסעל צו דיזען קעסטעלע. מיט איהר אויג איז זי בכוח אריינ־צוקוקען טיעף אין קינד'ס נשמה; איהר שארפער אויער קען שנעל אונטערשיידען די פארשיידענע קלאנגען פון איהר קינד'ס געשריי, וואס קלינגען אזוי איינטאָניג פאר דעם זייטיגען מענשען. אבער דעם אוצר, דעם קינד'ס גייסט, דארף מען באארבייטען און פאר דעם איז ליעבע אליין ניט גענוג; מען מוז דערצו האָבען א געני־גענדע פאָרבערייטונג, מען מוז קענען די נאטור פון קינד. דער־פאר איילט זיך ניט דער גוטער ערציהער צו ציהען זיינע שלו־סען; ער קוקט טיעף אריין אין קינד'ס גייסט, און שטיצענדיג זיך אויף זיין ערפאהרונג און זיינע קענטניסען, זוכט ער די אורזאכען פון דעם קינד'ס האנדלונגען".

דערווייל טוען דאס נאָך זעהר וועניגע. די מעהרסטע ערלוי־בען זיך ארויסצוזאגען א מיינונג וועגען א קינד און צו באהאנדלען א קינד, אזוי ווי עס וואָלט ניט געווען קיין לעבעדיגער, פיהלענדער מענש, נאָר עפּעס א געפיהללאָזע זאך.

דיזער בוך איז געשריבען אין דער האָפנונג צו העלפען מוטערס וואָס באזיצען דעם „פאר'כשופ'טען שליסעל" און אנדערע מענ־שען, וואָס באזיצען ניט דעם פאר'כשופ'טען שליסעל, אָבער זיי ליעבען די קליינוואָרג, בעסער צוו פארשטעהן דעם גייסט פון קינד. און אויב זיי וועלען בעסער פארשטעהן, וועלען זיי שוין

פמילא מעהר קענען אויפטאָן פאַר די קינדער, און העלפען זיי אין זייער שווערער אויפגאַבע צו ווערען מענשען.

איינינע שטעלען וועגען פיזישען שפיעל און פיזישער ענטוויקלונג זיינען כמעט געגצליך ענטנומען פון אן אנדער בוך פון וועלבען פארפאסער, וואס רופט זיך: „דאָס קינד, זיין פיזישע ערציהונג", און איז ארויסגעגעבען פון דעם בילדונגס קאָמיטעט פון ארבייטער רינג. דאס ווערט געטאן דערפאר וואס די באטרעפענדע שטעלען זיינען גלייך וויכטיג פאר די לעזער פון איינעם ווי פאר די לעזער פון'ם צווייטען בוך.

ח. נ. ס.

## ווי די חושים באווייזען זיך.

קיינער האָט אונז נאָך ניט דערצעהלט, וואָס ער האָט נע־פיהלט, ווען ער איז נאָר וואָס ארוים אויף דער ווייסער וועלט, וואָס פאר אַן איינדרוק עס האָבען אויף איהם געמאכט אונזער שעהנע, געבענשטע נאַטור און אונזערע מענשען־געמאכטע איינ־ריכטונגען. ווארשיינליך וועט פאר אונז אויף אייביג בלייבען אַ געהיימניס דער ערשטער איינדרוק, וואָס אויף אונז מאכט דאָס ערדישע מענשליכע לעבען. אַלענפאַלס, ווייסען מיר, אז דאָס ניי־געבוירענע קינד האָט זעהר וועניג פעהיגקייטען צו באַנעהמען וואָס אַרום איהם טוט זיך און צו פארשטעהן אין וואָס פאר אַ מין וועלט עס געפינט זיך. ניט נאָר פעהלט איהם דער שכל דערצו, נאָר זיינע חושים זיינען נאָך גאַנץ שוואך ענטוויקעלט, און די חושים ווערען גערופען די טירען צום מענשען'ס גייסט.

נאָר דאָס וואָס גרייכט אונזערע חושים קען אריינקומען אין מוח און ענטוויקלען אונזער געדאַנק. נעמען מיר, צום ביישפיעל, אַ בלינדען. ווי קלוג און ענטוויקעלט ער זאָל ניט זיין, וועט ער דאָך ניט פ א ר ש ט ע ה ן ווי אַפּצושעצען דעם קאָלירען־פראכט פון דעם רעגענבויגען. זיין אויג האָט דעם רעגענבויגען ניט געזעהן און פאָלגליך איז ער פאר זיין פארשטאנד אָפּגעשלאָסען אונטער זיבען זיגלען.

צוליעב דער שוואכקייט פון זיינע חושים איז דאָס קינד די ערשטע צייט גייסטיג־בלינד, ניט קוקענדיג דערויף וואָס עס קען אין זיך טראָגען די נאַטירליכע אנגאַבען פון אַ צוקינפטיגען חכם אָדער זאָגאר אַ זשעני. צו ביסלעך אָבער עפענען זיך די גייסטיגע טירען וואָס ברייטער און ברייטער, דאָס קינד באַקומט די מעגליכ־קייט וואָס מעהר און מעהר צו באַנעהמען די וועלט און איהרע איינריכטונגען. עס הויבט אָן הערען, זעהען, אָנטאַפּען און אויף

אזא אופן דערגעהט עס די פארשיידענע אייגענשאפטען פון די זאכען וואס געפינען זיך אין זיין אומגעבונג. וואס שטארקער עס זיינען די חושים אלץ בעסערע פעהיגקייטען האט דאס קינד צו לערנען און צו פארשטעהן.

ווען מען וויל וויסען אויף וויפיעל א געוויסער חוש איז ענט־וויקעלט מוז מען אויפמערקזאם און סיסטעמאטיש נאכפאלגען וואס פאר אן איינדרוק א געוויסער אנרעגונגס מיטעל מאכט אויף דעם חוש ארגאן. אויב, צום ביישפיעל, איהר פאכט מיט א ברע־נענדיג ליכט פאר דעם קינד'ס אויגען, און דאס קינד פאלגט נאך דאס ליכט פון רעכטס צו לינקס און פון אויבען ארונטער, אדער פארקערט פון לינקס צו רעכטס און פון אונטען ארויף, איז א סימן אז דאס קינד זעהט דאס ליכט. אדער ווען איהר שטעלט זיך אוועק אן א זייט און הויבט אן ריידען, אדער זינגען, און דאס קינד קוקט זיך ארום צו אייך, איז א סימן אז עס הערט פון וואנען די שטימע קומט.

נ ע ש מ א ק. — פרובירענדיג אויף אזא שטיינער דעם קינד'ס ארגאנען האבען זיך די פסיכאלאגען איבערצייגט, אז צוערשט ענטוויקעלט זיך דער חוש פון געשמאק. איינער פון די גרעסטע קינדער־פארשער, א דייטש, מיט דעם נאמען פרייער, שרייבט: „עס איז גאנץ לייכט צו באמערקען, אז דאס קינד האט ליעב זיס גלייך ווי עס ווערט געבוירען. ווען מען באנעצט דעם צונג פון א ניי־געבוירענעם קינד מיט גליצערין אדער מיט זעהר זיסען צוקער־וואסער, וועט זיין געזיכט כמעט אימער אויסדריקען פארגעניגען. זאל מען אבער א שמיר טאן דאס צינגעל מיט בינע, זאלץ אדער א שטארקע זויערקייט, וועלען זיינע באוועגונגען אויס־דריקען עקעל, דאס געזיכט וועט אויסזעהן אונצופרידען און דאס קינד וועט גלייך אנהויבען וויינען".

ר י ח. — דער חוש הריח איז ענג פארבונדען מיט'ן געשמאק און ענטוויקעלט זיך אויך זעהר שנעל. זאגט ווייטער פרייער: „דאס נארמאלע קינד קען ריכטיג דערשמעקען זאכען, ווען עס איז אלט עטליכע שטונדען אדער העכסטענס איינינע טעג; זיין געזיכט נעמט אן אן אונאנגענעמען אויסדרוק גלייך ווי מען גיט איהם עטוואס מיט א שלעכטען גרוך, אדער ווען מען לעגט איהם צו

צו אַן אונרייינער ברוסט, און עס באַקומט אַן אויסדרוק פון פאַרגע־
ניגען, ווען עס דערשמעקט גוטע מילך אָדער אַ רייינע ברוסט".

דער חוש פון אָנטאַפּען. — ביז צו אַ גע־
וויסען גראַד איז דיזער חוש שוין דאַ ביי דעם ניי־געבוירענעם
קינד. דאָס ווערט באַוויזען דערמיט, וואָס דאָס קינד האָט ליעב
צו קומען אין באַריהרונג מיט געגענשטאַנדען, וואָס זיינען ווייך
און וואַרעם. דער חוש פון אָנטאַפּען אָדער באַריהרען איז אויך
זעהר פריה ענטוויקעלט אין די ליפּען און צונג; דאָס קלייניגסטע
קינד שלעפּט דעריבער יעדע זאַך אין מויל אריין.

וואָס מעהר דער חוש פון אָנטאַפּען ענטוויקעלט זיך אין דער
האַנט, אַלץ ווייניגער וועט דאָס קינד כאַפּען זאַכען אין מויל אריין.
ווען עס ווערט אַלט דריי, פיער מאָנאַטען און צוזאַמען מיט דעם
חוש פון אָנטאַפּען ענטוויקלען זיך אויך די מוסקולען פון זיינע
הענט, הויבט עס אָן זעהר פיעל לערנען פון דעם, וואָס עס טאַפּט
אַרום אַלץ וואָס איהם קומט אין די הענט אריין.

זעהן. — שטאַרקע ליכט האָט אַ געוויסע ווירקונג אויף דעם
קינד'ס אויג גלייך ווי עס ווערט געבוירען. ווען עס דערזעהט
דאָס ליכט, פאַרמאַכט עס שנעל די אויגען און זעהט אויס אונ־
צופרידען. ווייטער פון דעם זעהט עס אָבער דערווייל ניט. די
אויגען זיינען די מעהרסטע צייט פאַרמאַכט, ווייל דאָס קינד
שלאָפט ביי צוואַנציג שטונדען אין מעת־לעת. ווען די אויגען זיינען
אָפען, איז דאָס אויך געוועהנליך ניט מעהר ווי אויף אַ העלפט. דער
קוק דריקט גאָרניט אויס און איז אויף קיין באַשטימטער זאַך ניט
געווענדעט. דאָס קינד קוקט גלאַט אַזוי, אין דער וועלט אריין.
ביידע אויגען באַוועגען זיך אונאָפּהענגיג איינס פון צווייטען און
קוקען אָפט קרום. דערפאַר ווייזט זיך אַמאָל אויס, אַז דאָס קינד האָט
קרומע אויגען.

דורכשניטליך הויבט אַ קינד אָן נאָכצופאָלגען אַ ליכט, ווען
מען באַוועגט דאָס פאַר זיינע אויגען, אויף דער דריטער וואָך פון
זיין לעבען. דאָס מיינט, אַז עס קען שוין ווירקליך עפּעס
זעהן. באַלד הויבט עס אָן קוקען אויף מענשען, וואָס דרעהען
זיך אַרום אין צימער, און אויף פאַרשיידענע געגענשטאַנדען, וואָס
באַוועגען זיך ניט ווייט פון איהם. עס נעמט ניט לאַנג און דאָס

קינד הויבט אן דערקענען קאלירען און מענשליכע געזיכטער. עס ווערט מלא שמחה, ווען די מוטער באווייזט זיך נאהענט און קוועלט שטארק אן, ווען מען ציינט איהם א העלען געגענשטאנד, באזונדערס — רויט.

ג ע ה ע ר. — הנם א קלאפ מיט דער טיר אדער אן עהנליכער שטארקער גערויש ווערט אפט מאכען אן איינדרוק אויף א פיצעלע קינד פון א פאר טעג, אדער אמאל זאגאר פון א פאר שעה, דאך איז דאס קינד טויב ביז עס ווערט אלט איינינע וואכען. מען דענקט, אז די צייטווייליגע טויבקייט איז א גרויסע טובה פאר דעם קליינעם מענשעלע, ווייל עס העלפט איהם שלאפען געשמאק און אונגעשטערט.

ווען דאס קינד הויבט זיך אן ארומקוקען צום ארט, פון וואנען עס קומען קלאנגען, אדער עס ווייזט ארויס אויף אן אנדער אופן, אז קלאנגען מאכען אויף איהם אן איינדרוק, ווייס מען, אז עס הערט שוין. דאס הערען פארשאפט איהם פיעל פארגעניגען און די ארומיגע פארשטעהען געוועהנליך ווי אויסצונוצען אט דיזען געפיהל. מיט א ליעדעל פועלט מען ביים קינד, עס זאל ליגען רוהיג, מיט א קלונג אין א גלעקעל רופט מען ארוים א שמייכעל און פאר קלאפען מיט א לעפעלע אן א גלאז קען מען ביי איהם אפקויפען די בכורה. גרויס פארגעניגען באקומט אויך דאס קינד פון הערען זיין אייגענע שטימע.

## די וויכטיגקייט פון יעדען חוש באזונדער.

די לעצטע צוויי חושים פון ה ע ר ע ן און ז ע ה ע ן רעכענען זיך פאר די וויכטיגסטע געציינ, וואס דער מענש באקומט פון דער נאטור צו באנעמען די וועלט און וואס אין איהר קומט פאר. ווען א קינד ווערט געבוירען בלינד קאן עס קיין מאל ניט פארשטעהן דעם אונטערשייד צווישען פינסטער און ליכטיג. די נאטור מיט איהר גאנצען פראכט פון קאלירען, מיט איהרע פארשיידענארטיגע פארמען קומט ניט אריין אין זיינע גייסטיגע אוצרות. פאר זיין אויג, און פ א ל ג ל י ך פאר זיין געדאנק איז פארשלאסען די מאלעריי, ארכיטעקטור און אלע

אנדערע שאפונגען פון מענשליכער קונסט, וועלכע מען מוז צום
אלעם ערשט זעהן אום זיי צו קענען פארשטעהן. פיעלעס פון דער
אנגעזאמעלטער מענשליכער ארבייט פון טויזענדער יאהרען
בלייבט אהן שום נוצען פאר דעם, וואס קען זיי ניט זעהן.

ניט בעסער ווי מיט דעם בלינדען איז עס מיט דעם טויבען.
פאר איהם איז ניט נאר טויט די וועלט פון קלאנגען, איהם פעהלט
אויך דער נאטירליכער פארקעהרמיטעל צווישען מענש און מענש,
איהם פעהלט די שפראך. אויב קיין קלאנג קומט צו זיין מוח
ניט צו, איז דאך פארשטענדליך, אז ער קען זיינע פעהיגקייטען ניט
באנוצען כדי נאכצוריידען די ווערטער, וואס ווערען ארום איהם
גערעדט. זיין גייסט ווערט ניט באאיינפלוסט, ניט פון נאטירלי־
כען געזאנג, ניט פון קינסטליכער מוזיק, ניט פון די הארצרייסענדע
קלאנגען פון געוויין, ניט פון די גליקליכע קלאנגען פון געלעכטער.
איהם פעהלט דאס נאטירליכע געצייג מיטצוטיילען א צווייטען זיינע
געפיהלען אדער אויסצודריקען זיינע געדאנקען.

זיינען ביי א מענשען פאראן די חושים פון זעהן און הערען,
דאן זיינען די טירען פון זיין גייסט אפען אריינצולאזען גענוג
אויסערליכע איינדרוקען, אום זיין מוח זאל קענען באגרייפען,
אנאליזירען און פארשטעהן די ארומיגע וועלט. געוועהנליך מוז
דערביי אויך דער מוח זיין נארמאל ענטוויקעלט.

דערפאר וואס דאס זעהן און הערען באפרידינען אזוי פיעל
דעם מענשענס גייסט, טוט מען ניט פיעל צו ענטוויקלען דעם חוש
פון אנטאפען. עס געבען אבער פעלע פון בלינדע אדער טויב־
שטומע, ביי וועמען דער חוש פון אנטאפען איז דער איינציגער
מיטעל אויסצובילדען און רייך צו מאכען זייער גייסטיגען לעבען.
אין אזעלכע פעלע קען מען זעהן דעם פולען ווערט פון דיזען חוש.
די וויסענשאפט פון בילדען בלינדע און טויב־שטומע איז אזוי ווייט
אוועק, אז די באוואוסטע שריפטשטעלערין העללען קעלער, וועלכע
איז בלינד און טויב־שטום זינט זי איז אלט געווען ניינצעהן מאנא־
טען, האט ערהייכט צו דער הויכער שטופע פון איהר גייסטיגער
ענטוויקלונג דורך דעם איינציגען חוש פון אנטאפען. און עס איז
זיך שווער פארצושטעלען אז זי וואלט ערהייכט מעהר ווען זי וואלט
געווען פאלקאם נארמאל.

באגרינדענדיג זיך אויף דעם פאל פון פריילין קעלער און אויף אנדערע עהנליכע ביישפילען, דענקט דר. מאריע מאָנטעסאָרי, אז ווען ערציהערס זאָלען שענקען מעהר אויפמערקזאמקייט צו דעם חוש פון אָנטאפּען, ווי זיי טוען דאָס איצט, און נאָרמאלע קינדער זאָלען זיך אויך לערנען „זעהן מיט די פינגער“, וואָלט דעם מענ־שענס גייסט דערפון זעהר פיעל געוואונען.

די חושים פון געשמאק און ריח שפּיעלען נאָר א קליינע ראָלע אין דער גייסטיגער ערציהונג. זיי קומען נאָר צונוץ אין ספּע־ציעלע פעלע. אזוי, צום ביישפּיעל, שפּיעלט דער חוש הריח נאָר א גרויסע ראָלע ביי אזעלכע, וואָס האָבען צו טאָן מיט ריחות פון בלומען אָדער כעמישע שטאָפען. דער חוש הטעם ווידער קומט שטארק צונוץ ביי מענשען, וואָס דארפען זיין מבינים אויף גע־טראנקען און עסענווארגען.

אין אלגעמיין זיינען די צוויי חושים ענג פארבונדען איינער מיט דעם צווייטען. אָפט ווייזט אונז אויס א זאך געשמאק, ווייל עס האָט א גוטען ריח, און אמאָל איז אונז אנגענעם דער ריח פון א באַ'טעם'טען מאכל, ווייל דער ריח דערמאָנט דעם טעם.

דיזע צוויי חושים, הגם ניט קיין גרויסע גייסטיגע מיוחסים, שפּיעלען א גרויסע ראָלע פאר דעם פיזישען וואוילזיין פון מענשען. געוועהנליך זיינען די באַ'טעם'טע עסענווארגען און געטראנקען און די וואויל־שמעקענדע זאכען גוט פאר אונזער געזונט. די איינציגע אויסנאמען זיינען הייל־מיטלען. זיי זיינען ניט געשמאק און דאָך נויטיג פאר אונזער פיזישען וואוילזיין. אָבער אויך דאָ איז דער שלעכטער טעם א מעלה. פיעלע פון די היילמיטלען זיינען סם'ען און, ווען זיי וואָלטען זיין געשמאק און דער מענש וואָלט זיי נעמען פריי און אין א גרויסער מאָס וואָלטען זיי איהם געבראכט פיעל שאָדען.

## די אויסבילדונג פון די חושים.

אין אלגעמיין טוט נאָך דערווייל די ערציהונג ניט אזוי פיעל פאר די חושים, ווי עס וואָלט געקענט געטאָן ווערען. צו זעהר ווע־ניגע פון אונז דערגעהען אלע שטילע טענער פון מוזיק, אויך הערען

מיר ניט ווי עס דאַרף צו זיין דעם וואונדערבאַרען געזאַנג פון די פויגלען און די אַנדערע קלאַנגען, מיט וועלכע די נאַטור איז פול. היינט וויפיעל פון אונז זעהען די דינגע שטריכען פון דעם מאַהלער'ס ווערק? וויפיעל באַמערקען די שאַטירונגען פון דער רויז? און ווי אָפט באַמערקען מיר די אומבייטונגען אין די קאָלירען פון הימעל און וואַסער?

מיר זעהען געוועהנליך נאָר דאָס אין וואָס מיר האָבען אַ ספּעציעלען אינטערעס. ווען אַ בוך־הענדלער קומט אַריין אין אַ הויז, דערזעהט ער באַלד, וואָס פאַר ביכער ביי יענעם געפינען זיך, און אַ בילדער־מאַהלער באַמערקט באַלד די ווערט פון די בילדער. אַ געוועהנליכער מענש אָבער קריגט דעם אַלגעמיינעם איינדרוק פון הויז און זעהט גאַנץ ווייניג די דעטאַלען, אויסער דאַן ווען ער פאַרגיט זיך מיט אַ ספּעציעלען צוועק דאָס צו זעהן. ווען עס קומט צום אָנטאַפּען, זיינען מיר שוין גאָר טעמפּ. ניט פיעלע פון אונז, אויסער הענדלער, וועלען אָנטאַפּען דעם אונטערשייד צווישען לייווענד און לייווענד אָדער סאַמעט און סאַמעט, אויב דער אונטערשייד איז ניט קיין גרויסער. און וויפיעל וועלען „זעהן" מיט די פינגער דעם חילוק צווישען קריסטאַל און איינפאַכע גלאָז?

אָהן צווייפעל וואָלטען מיר געווען גייסטיג רייכער ווען מיר וואָלטען אַלס קינדער באַקומען מעהר סיסטעמאַטישע איבונגען אין זעהן, הערען און טאַפּען. דער בעסטער פּלאַץ דורכצופיהרען אַזעלכע איבונגען וואָלט דאַרפען זיין די שולע, וועלכע איז נאָך דערווייל אין דער הינזיכט ניט ווייט אַוועק. יעדענפאַלס אָבער הויבט זיך אָן די ווירקונג פון דער שולע אויף דעם קינד, ווען עס איז שוין אַלט עטליכע יאָהר, בעת די ענטוויקלונג פון זיינע חושים הויבט זיך אָן ווען עס איז אַלט איינציגע וואָכען אָדער אַ פּאָר מאָנאַטען.

אום לייכטער צו מאַכען דעם קינד'ס גאַנג אין זיין גייסטיגער ענטוויקלונג, איז העכסט וויכטיג דאָס זיינע חושים זאָלען גלייך פון אָנהויב אָן ניט פאַרנאַכלעסינט ווערען.

ערשטענס, מוז מען זעהן זיינע חוש־אָרגאַנען זאָלען זיין אין גוטער אָרדנונג. די אויגען מוזען אָפּגעהיט ווערען פון שאַרפען ליכט און פון זאַכען וואָס האָבען אַ שטאַרקען גלאַנץ. זיי דאַרפען ניט קוקען אויף גענענשטאַנדען, וואָס באַוועגען זיך שנעל. מען דאַרף

אויך אויסהיטען די אייגען פון ענטצינדונג אדער וועלכער עס איז אנדער אונארדנונג.

מען דארף פארהיטען דעם קינד'ס אויער פון צו שארפע אדער הויכע קלאנגען. אויב עס ליידט פון וועהטאגען אין אויער טאר מען דאס ניט פארלאזען, מען מוז דאס זעהן אויסקורירען. ווי נאר מען באמערקט, אז דעם קינד'ס זעה־קראפט, אדער הער־קראפט איז ניט ווי עס דארף צו זיין, זאל מען זיך גלייך בעראטען מיט א דאקטאר און באזייטיגען די אורזאכע פון דער אונארדנונג.

צווייטענס קומט די פראגע פון ענטוויקלען זיינע חושים, וועלכע איז שוין ענג פארבונדען מיט זיין גייסטיגער ערציהונג. דאס נארמאלע קינד האט א נאטירליכע נייגונג אלעס אויסצוגע־פינען, אלעס צו „שטודירען". די גאנצע צייט, וואס עס איז וואכענדיג, האלט עס אין איין טאפען וואס איהם קומט אין דער האנד, אין איין פארען זיך מיט עפעס. עס פארזוכט וואס נאר עס קען ארייגקריגען אין מויל אריין. עס זוכט צו דערקענען די פאר־שיידענע קאלירען, וועלכע עס זעהט אויף דער וועלט. עס באטראכט אויפמערקזאם די פארשיידענארטיגע פארמען פון די געגענשטאנדען, וואס געפינען זיך ארום איהם. אויך הערט עס זיך צו צו די אלע מינים קלאנגען וואס דערגעהען צו זיין אויער.

דאס פיצעלע קינד דארף האבען וואס מעהר שעהנע און ווייכע קלאנגען. אויב די מוטער קען זינגען, איז געוויס גוט. באזיצט זי אבער גראד ניט קיין קאנצערט־שטימע, זאל זי זינגען ווי ניט איז. דעם קינד'ס אויער נויטיגט זיך אין מעלאדיע. אויך האט דאס קינד ליעב ריטהם. עס איז גאר ניט קיין נארישקייט צו דעקלאמירען פאר א קינד פון זעקס מאנאטען א שעהנע געדיכט. די באדייטונג פון די ווערטער איז ניט וויכטיג, די ריטהמישע שעהנקייט אבער ווערט ניט פארלוירען.

ענג פארבונדען מיט דעם קינד'ס אויער איז זיין שפראך, און עס דארף דעריבער אימער הערען א גוטע, ריכטיגע שפראך. נאך איידער עס קען די ווערטער ווידערהאלען, באקומט עס א באגריף וואס איז אזינס שפראך, און עס פארשטעהט וואס מען רעדט צו איהם. זאל זשע דאס קינד געוואוינען זיך צו אזא שפראך, וועלכע עס איז כדאי נאכצוריידען. צום קינד דארף מען ריידען לאנגזאם

און רייטליך, אום עס זאָל הערען יעדען קלאַנג, יעדע זילבע. און נים נאָר דאַרף אָפּגעהים ווערען די ריינקיים פון דער שפּראַך, נאָר אויך די שעהנקיים און ווייכקיים פון דער שטימע. אָפט ווערט א קינד זיך צואוויינען ווען עס דערהערט אונאַנגענעמע געשרייען, אָדער א גראָבע, נים אַנגענעמע שטימע. פאַרוואָס נים באַגע־גענען זיין נאַטירליכען געשמאַק מים דעם, וואָס מען נים איהם ווייכע, מילדע קלאַנגען אין געשפּרעך?

א חוץ שטימע, דאַרף דעם קינד'ס אויער אויך קריגען אַנדערע קלאַנגען. אויב אין הויז איז פאַראַן א אינסטרומענט און ווער עס זאָל אויף איהם שפּיעלען, איז כדאַי אויסצוקליבען לייכטע, איינפאַכע מאָטיוון און שפּיעלען טאַקע ספּעציעל פאַר דעם קינד. פּיעלע פּצאַלעך הויבען זיך אָן באַוועגען אין טאַקט, און דאָס איז א צייכען, אַז עס הערט און פיהלט די מוזיק. דאָס יונגענסטע קינד האָט אויך ליעב גלעקלעך און קלאַפּערלעך. דיזע לעצטע אינסטרו־מענטען דאַרפען זיין אַזעלכע, וואָס עס זאָל אַליין קענען באַהער־שען. דער פאַקט, אַז עס באַקומט דעם קלאַנג פון זיין איינענער באַריהרונג האָט א גרויסע באַדייטונג. עס באַקומט זיך אויף אַזא אופן א קאָמבינאַציע פון פאַרשיידענע חושים. עס טאַפּט אָן דעם גע־גענשטאַנד, באַטראַכט איהם מים די אויגען און הערט דעם קלאַנג.

שפּעטער, ווען דאָס קינד ווערט עלטער, איז גוט אָפטמאָל צו ציהען זיין אויפמערקזאַמקייט צו די קלאַנגען אין דער נאַטור. „לאָמיר זיין זעהר שטיל און זיך צוהערען, ווי די פויגלען זינגען“. „דו הערסט ווי דער ווינד בלאָזט די בלעטער אויף דעם בוים?“ „חשר, ווי דער רעגען קלאַפּט אין פענסטער“. און אַזוי ווייטער. אויף אַזא אופן לערענט זיך דאָס קינד באַאָבאַכטען נאַטירליכע קלאַנגען. ווען איינענער שטיל זיין באַקומט ביי איהם א זין, ווייל עס גיט איהם די מעגליכקייט צו הערען בעסער וואָס אַרום איהם קומט פאָר.

דעם קינד'ס אויג ווערט פאַר זיך א ים מים געגענשטאַנדען און אַלעס האָט פאָרמע, קאָליר, ליכט און שאָטען. דאָס אויג האָט פאַר זיך גענוג צו ווערען נים נאָר אָנגעזעטיגט, נאָר איבער־זעטיגט. גוט, וואָס מען דאַרף אַזוי פיעל שלאָפען די ערשטע צייט, זאָנסט וואָלט מען שרעקליך מיעד געוואָרען קוקענדיג. עס

איז אָבער נויטיג, דאָס קינד זאָל אָפט קוקען אויף זאַכען, וואָס האָבען
אַ ספּעציעלע באדייטונג פאַר זיין ענטוויקלונג. די הויפּטזאַך זיינען
קאָלירען. אָפט פארשטעהען די קינדער קאָלירען, נאָר זיי קענען
זיי ניט אונטערשיידען, ווייל זיי קענען ניט צופּאַסען די ריכטיגע
נעמען, עס איז דעריבער וויכטיג דאָס קינד זאָל ניט נאָר קוקען
אויף קאָלירען, נאָר מען זאָל צו איהם אויך ריידען אין קאָלירען.
„איך האָב דיר געבראַכט אַ רויטע בלום", „גיב מיר די בלויע
פּילקע", און אַ. וו. בלומען און קינסטלערישע בילדער פון בלומען
געבען דעם קינד אַ גוטע געלעגענהייט צו באַאָבאַכטען קאָלירען
און שאַטירונגען. עס איז אויך גוט דאָס קינד זאָל האָבען שפּיעל־
צייג מיט איינאַרטיגע קאָלירען, אַ רויטע פּילקע, אַ בלויען קלאָפּער־
רעל, אַ. וו., ווייל אין די בלומען זיינען די קאָלירען מיט שאַטי־
רונגען און געמישט מיט די גרינע בלעטער און שטענגעלעך, וועל־
כעס מאַכט אביסעל שווערליך דאָס „שטודירען".

אין אַלגעמיין, אויב דאָס קינד וועט פאַר זיך זעהן שעהנע
זאַכען אין הויז, געשמאַקפולע סליידער אויף די אַרומיגע, שעהנע
גאַסען, קונסטווערק, און דער מוסטער־נאַטורס פּראַכט, וועט עס
ליכט ענטוויקלען זיין עסטעטישען געשמאַק, זיין אויג וועט שפּיי־
טען זיין נייסט.

דאָס גאָר קליינע קינד האָט ניט קיין באגריף פון ווייטקייט, דאָס
הייסט, עס קען די שטרעקע ניט מעסטען מיט דעם אויג. עס וועט
זיך אמאָל הייסען געבען די לבנה, אָדער עס וועט אויסשטרעקען די
הענט צו דערלאַנגען אַ גאָר ווייטען געגענשטאַנד. לאָזט מען עס
אָבער איך פריי פאָרען מיט געגענשטאַנדען, דערלאַנגען, דערטאַ־
פּען, העלפט מען איהם באַקומען דיזען באַגריף שנעלער. דאָס
העלפט איהם אויך דערקענען מיט דעם אויג פארשיידענע איינצעל־
שאַפטען פון זאַכען. צום ביישפּיעל, דאָס קינד פאָרעט זיך מיט
אַ רויט שטיקעל פּאַפּיער און מיט אַ רויט שטיקעל לייווענד. פריי־
הער האָבען איהםביידע אויסגעזעהן גלייך, ווייל עס האָט נאָר
באַמערקט דעם רויטען קאָליר. איצט האָט עס אָבער אויסגעפונען,
אַז פּאַפּיער רייסט זיך און לייווענט ניט; אַז לייווענט איז שטאַרקער
פון פּאַפּיער, אויב מען האָט פארגאָסען אביסעל וואַסער איז דאָס
פּאַפּיער צוואָווייקט געוואָרען און די לייווענט ניט. נאָכדעם ווי

דאָס קינד וועט האָבן גענוג ערפאַהרונג מיט ביידע, וועט פאַר איהם זיין גענוג אַ קוק צו טאָן אויף פּאַפּיער און לייוואַנד, צו איהם זאָלען זיך גלייך פאָרשטעלען די פאַרשיידענע איינגענשאַפטען פון ביידע.

דער חוש פון אָנטאַפּען ענטוויקעלט זיך אַם בעסטען, ווען מען לאָזט דאָס קינד פריי אָנריהרען און אָנטאַפּען יעדען געגענ־שטאַנד, וואָס קומט איהם אין דער האַנד. ווען עס ווערט אַביסעל עלטער, ביי דריי יאָהר, קען מען איהם געבען ספּעציעלע געגענשטאַנ־דען מיט פאַרשיידענע אויבערפלעכען, גלאַטע און שאָרסטקע, ווייכע און האַרטע, און ציהען זיין אויפמערקזאַמקייט צו די פאַרשיידענע איינגענשאַפטען; צום ביישפּיעל די אונטערשייד צווישען שטאָ־פען, אָדער מעטאַל, גלאָז, האָלץ און א. וו. וואָס מעהר דאָס קינד טאַפּט, שלעפּט, דרעהט, וואַרפט, אַלץ מעהר העלפען איהם זיינע הענט בילדען אַ פאָרשטעלונג וועגען די זאַכען, וואָס געפינען זיך אַרום איהם. דער בעסטער וועג צו עפענען די טירען פון דער אויסערער וועלט צום קינד'ס גייסט איז צו לאָזען עס פריי פאַרען זיך מיט אַלעס וואָס געפינט זיך אין זיין אומגעבונג, געוועהנליך אויסהיטענדיג עס דערביי פון געפאַהר. יעדער געגענשטאַנד וועט אויף אַזאַ אופן האָבען אַ ווערט סיי פאַר דעם חוש פון אָנטאַפּען סיי פאַר דעם אויג, און אָפט וועט דאָס אויך העלפען דעם געהער, ענט־ווערער ווייל די זאַך איז אַזאַ, וואָס לאָזט אַרויס אַ קלאַנג אַן און פאַר זיך, ווי אין פאַל פון אַ גלעקעל, אָדער ווייל דער קלאַנג קומט פון באַריהרען אַ צווייטען געגענשטאַנד, ווי דאָס קלאַפּען מיט אַ לעפעל אָן אַ טעלער אָדער דאָס פאַלען פון עפּעס אויף דעם דיל.

וואָס בעסער עס זיינען ענטוויקעלט דעם קינד'ס חושים, אַלץ לייכטער איז זיין וועג צו העכערער גייסטיגער ענטוויקלונג.

## די ענטשטעהונג פון אינסטינקטען.

דער מענש דארף ניט לערנען אדער דערגעהן דורך ערפאהרונג אלע באוועגונגען, וועלכע ער מאכט. ער קומט אויף דער וועלט באוואפענט מיט גאר פיעלע געפיהלען און נאטירליכע באוועגונגען אויסצודריקען און צופרידען צו שטעלען דיזע געפיהלען. אזוי, למשל, קען זיך דער מענש אויסלערנען עסען שעהן, מיט גוטע מאנערען. ער קען זיך אויסלערנען צו זיצען גראציעז ביים טיש, צו נוצען א לעפעל, א גאפעל, א מעסער, א סערוועטקע, א. א. וו. ער דארף זיך אבער ניט לערנען עסען. הונגער איז נאטיר־ליך. און אזוי איז אויך דעם קינד'ס געשריי, מיט וועלכען עס לאזט וויסען וועגען זיין הונגער אדער די באוועגונגען, וואס עס מאכט בשעת עס זויגט אדער עס עסט. ניי־געבוירענע קינדער דארפען געוועהנליך עטליכע מאל קריגען די ברוסט אין מויל ביז זיי געוואוינען זיך אזוי צו זויגען, אז די מילך זאל פריי פליסען אין מויל אריין. קיינער דארף זיי אבער די מלאכה ניט לערנען. די נאטור אליין לערענט זיי ווי זיך צו נאהרען, ווען זיי זיינען הונגעריג.

אט די געפיהלען און באוועגונגען רופט מען אינסטינקטיווע. דאס הייסט, דער מענש דארף זיי פון קיינעם ניט לערנען, ער ווערט מיט זיי געבוירען. ער ווערט געבוירען מיט דער נייגונג צו פיהלען און האנדלען אויף א געוויסען שטייגער אונטער געוויסע אומשטענדען.

די אינסטינקטען באקומט דער מענש בירושה פון דורי דורות און זעהר פיעלע פון זיי באזיצט ניט נאר ער אליין, נאר אויך יעדער אנדער מין לעבעדיגע בעשעפעניש אויף דער וועלט.

## צוועקען פון די אינסטינקטען.

די אינסטינקטען זיינען נויטיג צום לעבען און צו דער ענט־
וויקלונג.

1) פון דעם איינצעלנעם,
2) פון דער געזעלשאפט פון איינ־
צעלנע,

און 3) פון דעם גאנצען מין.

פיעלע אינסטינקטען דיענען אלע דריי, אדער, צוויי צוועקען
אין איינער און דערזעלבער צייט. אזוי צום ביישפיעל, ווען לעבע־
דינגע באשעפענישען וואלטען ניט געהאט די נאטור צו נאהרען זיך,
וואלטען זיי אונטערגעגאנגען גלייך ווי זיי ווערען געבוירען, דאן
וואלט ניט מעגליך געווען דאס לעבען פון איינצעלנעם און פאלג־
ליך וואלטען ניט געווען קיין געזעלשאפטען פון איינצעלנע. אדער
נעמען מיר א ביישפיעל מיט דעם שרעק אינסטינקט, וועלכער
העלפט זיך אויסצובאהאלטען פון געפאהר. דער שעפס זאל זיך
ניט שרעקען פאר דעם וואלף און זיך גלייך לאזען אויפעסען,
וואלט ניט נאר דער איינצעלנער שעפס אונטערגעגאנגען, נאר דער
גאנצער מין וואלט מיט דער צייט פארניכטעט געווארען צווישען
דעם וואלף'ס צייהנער און פון שעפסענעם געזעלשאפטליכען לעבען
וואלט געווים ניט געווען וואס צו ריידען.

אויף וויפיעל עס איז אבער דאך מעגליך צו באשטימען דעם
הויפט צוועק פון געוויסע אינסטינקטען ווערען זיי צוטיילט
אין די אויבענדערמאנטע דריי גרופען.

אזוי, צום ביישפיעל, זיינען די הונגער־און נאהרונגס־אינ־
סטינקטען אבסאלוט און הויפטזעכליך נויטיג פאר דעם לעבען און
וואוקס פון יעדען איינצעלנעם מענשען, אזוי גוט ווי פאר יעדער
אנדערער לעבעדינגער באשעפעניש און ווערען דעריבער גערופען
**אינדיווידועלע אינסטינקטען.**

אהן דעם אינסטינקט, וואס ציהט אונז צו זיין צווישען מענ־
שען און מיט זיי זיך צוזאמענלעבען, וואלט ניט מעגליך געווען,
וואס מיר רופען דאס געזעלשאפטליכע לעבען. וואלט יעדער געלעבט

אפגעזונדערט, פאר זיך אליין, וואלט ניט געקענט זיין אזא זאך ווי א געזעלשאפט.

דער אינסטינקט פון וועלען זיך צוזאמענלעבען מיט אנדערע באשעפענישען ווערט דערפאר באצייכענט אלס ס א צ י א ל ע ר א י נ ס ט י נ ק ט.

דער געשלעכטליכער אינסטינקט איז נויטיג פאר יעדען מין צו שאפען נייע אינדיווידען און אויף אזא אופן פארטצוזעצען די עקזיסטענץ פון דעם מין. ווען פויגלען, צ. ב. זאלען ניט האבען קיין געשלעכטליכען אינסטינקט, וואלט דער מין פון פויגלען אין גאנצען אונטערגעגאנגען. דער געשלעכטליכער אדער פארמעהרונגס־אינסטינקט דיענט ה ו י פ ט ז ע כ ל י ך פאר דעם צוועק מעגליך צו מאכען די פארטזעצונג פון דעם מין, פון דער גאנצער ראסע און רופט זיך ר א ס ע ן ־ א י נ ס ט י נ ק ט.

די אינסטינקטען זיינען, אלזא, א פונדאמענטאלער פאקט אינ׳ם לעבען פון מענשען, ווי פון אלע אנדערע לעבעדיגע וועזענס.

## באשרענקונג פון דעם מענשענס אינסטינקטען.

ביי די חיות, ביי וועמען עס איז ניטא אזא זאך ווי גייסטיגע ענטוויקלונג, דריקען זיך די אינסטינקטען אימער אויס פריי און אונגעשטערט און דיענען אלס איינצעלנער מאטיוו פאר אלע זייערע האנדלונגען. ביי דעם מענשען אבער ווערען די אינסטינקטען זעהר פיעל מאדיפיצירט דורך זיין גייסטיגער ענטוויקלונג. מיר קענען אפט ניט זאגען אויף וויפיעל א געוויסע טאט איז דער רעזולטאט פון אינסטינקט און אויף וויפיעל דאס איז דער רעזולטאט פון ערציהונג. דאס ציוויליזירטע לעבען פון דעם מענשען און דער מענשליכער געזעלשאפט שטעלט א סך פון די אינסטינקטען אונטער א געוויסען קאנטראל אדער צאהם. עס קומט דערפאר אויס ניט זעלטען, אז אינסטינקטען מוזען ווערען באשרענקט. און די ערציהונג פון קינד באשטעהט אין א גרויסער מאס פון באשרענקען דעם פרייען שפיעל פון מאנכע אינסטינקטען.

אזוי, צ. ב. איז דער אינסטינקט פון עסען און דאס עסען גופא א גוטע זאך, אבער א מענש וואס האט צופיעל הנאה פון עסען

ווערט באטראכט אלס פרעסער, זויפער, און מען האט צו איהם ניט קיין גרויס אכטונג אין דיזער הינזיכט. אין דער ציוויליזירטער געזעלשאפט ווערט אלזא דער אינסטינקט באשרענקט.

דער געשלעכטס־אינסטינקט איז ניצליך, וויכטיג און אין א געוויסען זין שעהן. אבער א מאן, וואס יאגט זיך תמיד נאך קליידלעך, רופט ארויס א געפיהל פון ערווידערונג. דער אינ־סטינקט ווערט, אלזא, אין דער מענשליכער געזעלשאפט געשטעלט אין געוויסע צאהמען.

דער אינסטינקט פון זאמלען און אפהיטען ברענגט פיעל נוצען דער געזעלשאפט. ער מאכט מעגליך די אנזאמלונג פון נאציא־נאלע רייכטימער, פארהימונגס און ענטוויקלונגס מיטלען, בילדונג און גענוס מיטלען, ווי ביבליאטעקען, מוזעאומס, היסטארישע ארכיוועו און דעסגלייכען. און דעריבער שעצט מען איהם. מעהרסטענס באציהט מען זיך מיט רעספעקט ניט נאר צו דער געזעלשאפט וואס זאמעלט, נאר אויך צום רייכען, וואס זאמעלט פאר זיך און זיין משפחה. דער קארגער אבער, וואס זאמעלט אהן וועלכע עס איז נוצען פאר ווען עס איז, ווערט פאראכטעט.

צווישען ציוויליזירטע מענשען נעהט, אלזא, אימער אן א פראצעס פון באקעמפען אינסטינקטען, פון קאנטראלירען נאטיר־ליכע נייגונגען און טאן דאס וואס איז אנגענומען אלס שעהן און גוט.

דער ריכטיגער וועג צו באקעמפען אדער קאנטראלירען אינ־סטינקטען באשטעהט אין ענטוויקלען אינ'ם קינד די געוואוינהייט ניט אימער צו טאן דאס, וואס דער געפיהל פאדערט, נאר וואס דער שכל הייסט. אט דער פראצעס פון באקעמפען אינסטינקטען דורך ענטוויקלען געוואוינהייטען געהט אן אויף אזוי פיעל, אז עס איז אפט שווער צו זאגען צי א מענש האנדעלט אינסטינקטיוו, אדער לויט א געוואוינהייט, וואס האט זיך אין איהם שפעטער ענטוויקעלט.

אזוי איז עס א שטייגער מיט דעם שרעק־אינסטינקט. ווען מען באגעגענט א מענש, וואס איז בראוו, ניט קיין בעל פחד, קען מען קיינמאל ניט וויסען, צי איז טאקע דער שרעק־אינסטינקט אין איהם ניט שטארק, אדער ער האט איהם אזוי באקעמפט אין זיך,

אז מען זעהט איהם ניט ארויס. ניט נאָר דער באַבאַכטער, דער בעל דבר אַליין קען אויך זיכער ניט וויסען, ווי שטארק זיין נאַטיר־ליכער אינסטינקט וואָלט געווען, ווען דער שכל און די געוואוינ־הייט שפּיעלען ניט דערביי די ראָל, וואָס זיי האָבען געשפּיעלט.

אין א גרויסען געפאהר אָבער פארלירט דער ציוויליזירטער מענש זיין גאנצען מאָראלען פּוץ און עס ווייזט זיך ארויס דער איינגעבוירענער אינסטינקט. אזוי מאכט זיך, אז אין צייט פון א פייער אָדער ווען א שיף טרינקט זיך אין ים, ווערען די בעסטע ערצויגענע מענער און פרויען פארוואנדעלט אין ווילדע חיות. זייער אינסטינקט פון זעלבסט־פארהיטונג איז אזוי שטארק, אז זיי רייסען און בייסען איינער דעם צווייטען אום צו ראַטעווען זייערע אייגענע לעבענס. אויך טרעפט, אז ווען א מענש איז אויפ'ן וועג צו באַגעהן זעלבסטמאָרד, אנטלויפט ער ערשט פון א טויט־געפאהר, ווייל זיין נאַטירליכער אינסטינקט צו פארהיטען זיין לעבען איז אין מאָמענט פון געפאהר שטארקער פון זיין באשלוס זיך צו פארניכטען. אין גרויסע געפאהרען צייגען זיך אויך מאנכע מענשען ארויס אלס אמת'ע העלדען, ווייל אין יענע מענשען איז דער אינ־סטינקט פון מיטגעפיהל און די נאַטירליכע נייגונג צו מקריב זיין זיך פאר דעם גליק פון א צווייטען פיעל שטארקער, ווי דער אינסטינקט אָפּצוהיטען דעם אייגענעם גוף.

אפילו ביי דעם קליינעם קינד האָבען ניט אלע אינסטינקטען די מעגליכקייט זיך ארויסצוצייגען אין זייער פולער נאַקעטער פאָרמע, ווייל דאָס קינד קומט שוין אריין אין א וועלט, וואָס איז פאר איהם צוגעגרייט אויף אזא אופן, אז אומענדליך פיעלע באדינ־גונגען אויסער אינסטינקטען האָבען א ווירקונג אויף זיינע האנד־לונגען. מען וויים א שטייגער, אז געהן אויף די פיס איז ביים קינד אן אינסטינקטיווע נייגונג, ווייל ווי עס שטעלט זיך אויף די פיסלעך, שטעלט עס א פיסעל פאר א פיסעל ווי צום געהן. און דאָס קומט פאָר פיעל פריהער, ווי עס קען זיין באאיינפלוסט פון נאָכאהמונג. עס איז אָבער קיין צווייפעל ניט, אז טיילווייז לע־רענט זיך דאָס קינד צו געהן פון דעם וואָס עס זעהט ווי די אנדערע שטעלען פיס, און אזוי שנעל, ווי עס האָט די נויטיגע פיזיש‍ע כחות, הייבט עס אָן צו געהן. וויפיעל עס איז אין דעם די שולד

פון אינסטינקט און וויפיעל פון אויסבילדונג דורך נאכטאן די ער־וואקסענע איז שווער צו זאגען. א קינד שרעקט זיך שטארק פאר דער פינסטער. קיינער קען אבער ניט זאגען, אויף וויפיעל דאס נעהמט זיך פון זיין אינסטינקטיווער נייגונג צו שרעקען זיך און אויף וויפיעל דאס קומט דערפון, וואס עס האט באקומען א באשטימ־טען איינדרוק דורך א מעשה'לע, אן אויסגעשריי פון אן ערוואק־סענעם, אדער דורך וועלכע אנדערע אויסערליכע באדינגונגען, וואס האבען זיך אין זיין נעדאנק פארבונדען מיט דעם איינדרוק פון פינסטערניש, ווייל דאס איז פארגעקומען אין דער פינסטער.

אינסטינקטען זיינען פאראן זעהר א סך. מיר וועלען זיך אפשטעלען נאר אויף אייניגע, וועלכע שפיעלען א באזונדער וויכ־טיגע ראלע אין דער קינדער־ערציהונג.

## זעלבסט־פארהיטונג.

די אינסטינקטען פון זעלבסט־פארהיטונג זיינען די וואס דיענען הויפטזעכליך דעם וואוילזיין פון דעם איינצעלנעם. עס פארשטעהט זיך, אז ווען דיזע אינסטינקטען זאלען פעהלען ביי וועלכער עס איז באשעפעניש, וואלט זי ניט געקענט בלייבען לעבען אויף דער וועלט. יעדע לעבעדיגע זאך מוז זיך נאהרען און מוז זיך פארטיידיגען פון געפאהר. דיזע אינסטינקטען זיינען אויך די ערשטע און די וויכטיגסטע ביים קליינעם קינד.

די אנדערע, וואס דיענען צום וואוילזיין פון כלל וואלטען דעם יונגען באשעפעניש קיין נוצען ניט געבראכט. עס איז נאך צו שוואך צו טאן וואס פאר א צווייטען און מוז אויסנוצען אלע זיינע כחות צו פארפאלקאמען זיך אליין, כיי פייזיש סיי גייסטיג. דערפאר זיינען קליינע קינדער אזעלכע גרויסע עגאאיסטען. זיי טוען נאר דאס, וואס זיי נעפעלט און ווילען זיך פאר קיינעם ניט מקריב זיין.

אמת, דער אינסטינקט פון זעלבסט־פארהיטונג איז אויך זעהר שטארק ביי דעם ערוואקסענעם, אבער די אנדערע אינסטינקטען פון מיטגעפיהל, פון וועלען נושא חן זיין ביי מענשען און דעסגלייכען, אין פארבינדונג מיט די מאראלע באגריפען וואס דער מענש ערווערבט שפעטער, העלפען איהם אפט קאנטראלירען זיין עגא־

איזם. דער מוטערליכער אינסטינקט א שטיינער איז אזוי שטארק, אז ער פארשטעלט כמעט אינגאנצען דעם אינסטינקט פון זעלבסט־פארהיטונג.

ווי געזאגט, באזיצט דאס קליינע קינד נים די אלע ערעלע געפיהלען און מען טאר פון איהם נים פאדערען מעהר, ווי עס קען געבען. בעת אבער מען קען פון א קינד נים ערווארטען עס זאל זיך מקריב זיין פאר א צווייטען, דארף מען עס לערנען עס זאל אם וועניגסטען נים עקספלואטירען דעם צווייטען מעהר, ווי עס איז אבסאלוט נויטיג פאר זיין נארמאלער ענטוויקלונג. זאגאר די מוטערם צווישען פויגלען, קיה, הינט און אנדערע חיות ענטזאגען זיך צו העלפען זייערע קינדער אזוי שנעל, ווי זיי זייגען בכח אויף זיך אליין אויפצופאסען. אנשטאט אימער צו ברענגען דאס עסען צו די פויגעלעך אין נעסט, לערענט די מוטער־פויגעל איהר קינד אליין צו פליהען און באקומען זיין שפייז. די מוטער־מענש זינדיגט אין דער הינזיכט זעהר פיעל דערמיט, וואס זי גיט נאך דעם קינד'ס עגאאיסטישען אינסטינקט מעהר, ווי עס איז נויטיג. אויף וויפיעל ס'איז נאר מעגליך, דארף מען געוואוינען דאס קינד צו פאדערען זיינס אין ערעלער פארמע, און הויפטזעכליך צו זיין זעלבסטשטענדיג און טאן אליין אלעס, וואס עס איז בכח פאר זיך צו טאן.

די אינסטינקטען וואס דיענען צום שוץ פון איינצעלנעם, זיינען הויפטזעכליך:

1) די הונגער און נאהרונגס־אינסטינקטען;

2) די שרעק־אינסטינקטען;

און 3) די קאמף־אינסטינקטען.

## הונגער און נאהרונגס־אינסטינקטען.

דער ערשטער אינסטינקט וואס באווייזט זיך ביי דעם ניי־געבוירענעם קינד, איז דער הונגער־אינסטינקט. עס מאכט אויף גלייך די אינסטינקטיווע באוועגונגען צו לאזען וויסען וועגען זיין הונגער; דורך זיין געשריי זאגט עס אן דער מוטער, אז עס גוי־

טיגט זיך אין איהר הילף. און באקומט עס די ברוסט, פיהרט דער איינגעבוירענעם אינסטינקט דאס קינד ווייטער אויף דעם ריכטיגען וועג, און עס מאכט באלד די באוועגונגען צו באקומען די מילך. אזוי אויך ווען עס ווערט עלטער און עס הויבט אן עסען אנדערע שפייז, איז גענוג צו געבען איהם די שפייז און עס מאכט שוין אליין אלע באוועגונגען, וואס זיינען נויטיג אריינצוקריגען דאס עסען אין מאגען אריין.

אין דיזער הינזיכט דיענט דער אינסטינקט דער חיה פיעל בעסער ווי דעם מענשען. די יונגענקע חיה ווייסט ניט נאר ווי צו עסען, נאר דער אינסטינקט זאגט איהר אויך ווי אזוי צו באקו־מען דאס עסען. דאס מענשליכע קינד איז זעהר הילפלאז און הענגט אויף א לאנגער צייט אפ פון די עלטערען, זיי זאלען אויס־קלייבען און דערלאנגען איהם די שפייז. איין מאל באקומט עס שוין אבער דעם ריכטיגען ביסען אין מויל, דארף מען עס ווייטער ניט לערנען.

דאס קינד קריגט אלזא פון דער נאטור סיי דאס הונגער־געפיהל, סיי די אינסטינקטיווע באוועגונגען, וועלכע זיינען נויטיג צום עסען אדער טרינקען, און אויך דעם חוש פון געשמאק, וועלכער העלפט דעם מענשען צו אונטערשיידען צווישען גוטע און שלעכטע עסענווארגען אדער געטרענקע. אין דאך הענגט עס זעהר פיעל אפ פון דער ערציהונג, ווי אזוי דאס קינד וועט זיך נאהרען ווען עס וועט אויפוואקסען. אין א געוויסער מאס קען מען ווירקען אויף דעם קינדס אפעטיט אזוי גוט ווי אויף זיין געשמאק.

דאס ערשטע דארף מען זעהן, אז פון ערשטען טאג אן זאל דאס קינד באקומען זיין שפייז אימער אין דער זעלבער צייט. דער מאגען פאדערט א געוויסע צייט איבערצוקאכען דאס עסען. דאס קינד האט אבער ליעב דעם פראצעס פון זויגען און זיין אינסטינקט זאגט איהם ניט פינקטליך אונטער, ווען אן איבריגער ביסען וועט ברענגען שאדען. עס זויגט און עס ברעכט און זויגט ווייטער. א חוץ וואס אזא סארט נאהרען זיך שאדעט זיין געזונד גלייך זויף אן ארט, ווערט אויך זיין אפעטיט פארדארבען. עס עסט ניט ווען די פריהערדיגע שפייז איז איבערגעקאכט און דער מאגען פאדערט נייע שפייז, נאר ווען מען גיט איהם דאס עסען, ווי אפט דאס זאל

ניט אויסקומען. זיין אַפּעטיט וועט דעריבער ניט רעגולירט לויט זיינע נאָרמאַלע פאָדערונגען. באַקומט עס אָבער אימער זיין נאַה־רונג אין אַ באַשטימטער צייט און ניט עפטער, ווי דאָס איז נויטיג, האָט עס אַפּעטיט צום עסען און דער מאָגען קאָכט פיעל בעסער.

געוועהנליך, ווען דאָס קינד ווערט עלטער דאַרף מען פאָלגען דעם זעלבען געזעץ פון געבען איהם עסען נאָר אין באַשטימטע צייטען. אויף אַזאַ אופן וועט דער אַפּעטיט זיין רעגולירט און דאָס קינד וועט דערפון אַ סך געווינען.

אַ חוץ דעם רעגולירען די צייט איז אויך זעהר וויכטיג צו קאָנטראָלירען די שפּייז אַזוי, אַז דאָס קינד זאָל נאָר קריגען צו עסען אַזעלכע מאכלים, וואָס זיינען נויטיג פאַר זיין געזונד. ווען מען ערלויבט, אַ שטייגער דעם קינד צו עסען שאָקאָלאַד ווען עס איז הונגעריג, וועט מען זיכער אָוועקהרג'ענען זיין אַפּעטיט פאַר נאַהראַפטע שפּייז. ווען עס קומט די צייט פאַר דעם קינד'ס מאָהלצייט דאַרף מען איהם געבען די שפּייז, וואָס פאַר איהם איז נויטיג און נאַשערייען לאָזען אויף נאָך דעם עסען, ווען עס איז שוין ניטאָ קיין געפאַהר אַז דעם קינד'ס אַפּעטיט וועט רואינירט ווערען.

## דער שרעק־אינסטינקט.

דער שרעק־אינסטינקט העלפט דעם מענשען אַזוי גוט ווי דער חיה צו פאַרמיידען געפאַהר. ווען דער מענש זאָל זיך ניט שרע־קען פאַר דער ווילדער חיה, וואָלט ער קיינמאָל ניט געווען געזוכט אַלע מיטלען זי צו באַקעמפען און וואָלט שוין לאַנג געווען אונטער־געגאַנגען. ווען די מויז וואָלט זיך ניט שרעקען פאַר דער קאַץ און וואָלט זיך ניט באַהאַלטען אין איהר לאָך, וואָלטען די בעל־הבית'טעס געהן צווייפעל געווען זעהר צופרידין, אָבער די מייזען־ראַסע וואָלט שוין לאַנג אויף דער וועלט ניט געווען.

דער שרעק־אינסטינקט דריקט זיך אויס אויף פאַרשיידענע אופנים. דורך געשריי, אַנטלויפען, באַהאַלטען זיך, פאַרהאַלטען דעם אָטעם, ווערען בלאַס, ווערען רויט, ווערען באַגאָסען מיט

שוויס, אָנהויבען ציטערען, ווארפען זיך אין א .וו. די אַלע אויס־
דריקע זיינען אינסטינקטיווע, ניט קיין געמאכטע.

די שרעק־אינסטינקטען זיינען פארשיידענע און באווייזען זיך
אין פארשיידענע צייטען. דאָס נאָר פיצעלע קינד האָט מורא
פאר הויכע קלאנגען. דער מין שרעק געהט פּאראיבער און עס
קומען אנדערע: שרעק פאר געגענשטאנדען, וואָס באוועגען זיך
שנעל, שרעק פאר חיות, שרעק פאר פוטער, שרעק פאר פינסטער־
ניש. דאָס זיינען אַלץ אינסטינקטען וואָס באווייזען זיך אין א
געוויסער צייט אין, אויב נאָר מען רייצט זיי ניט, פארשווינדען זיי
נאָך איינינע טעג, וואָכען אָדער מאָנאטען. איינינע שרעק אינ־
סטינקטען שטעלען זיך אָפּ אויף דעם גאנצען לעבען, אויסער אין
די פעלע, וואו דער מענש קומט אָפט אין באריהרונג מיט דעם
געגענשטאנד, וואָס ערוועקט שרעק. אזוי איז דער פחד אראָפּצו־
קוקען פון א הויכען אָרט, דער פחד פאר קריכיגע באשעפענישען
און פארשיידענע שפרינגענדיגע חיה׳לעך און די שרעק פאר דעם
טויט און טויטע.

דער גרעסטער פריידענקער, וואָס נעמט אַלעס פון וויסענ־
שאפטליכען שטאנדפונקט און ווייסט אויף זיכער, אז די טויטע
וועלען פון זייערע קברים ניט ארויסקומען, וועט זיך דאָך פיהלען
זעהר ניט באקוועם צו שפּאצירען אליין אויף א בית עולם אין א
פינסטערער נאכט, אויסער אויב ער קומט אהין אָפט און איז
געוואוינט צו אזעלכע שפּאצירגענג. די מעהרסטע פרויען האָבען
מורא פאר מייז, אין ווי קלוג זיי זאָלען ניט זיין און פארשטעהן,
אז דאָס מייזעל וועט זיי ניט אויפעסען, וועלען זיי דאָך שפּרינגען
און קוויטשען ווען זיי דערזעהען דאָס קליינע באשעפענישעל.

שרעק איז אמאָל פאר אונז געווען זעהר א ניצליכער אינ־
סטינקט. דער מענש האָט געדארפט אימער באקעמפען די נאטור
און עס האָבען אויף איהם אָפט געלויערט גרויסע לעבענס געפאה־
רען. דער שרעק־אינסטינקט האָט איהם אָנגעזאָגט וועגען אזעלכע
געפאהרען און איהם אויף אזא אופן געוואָרענט, אז ער דארף זיך
פארטיידיגען.

אין דער איצטיגער ציוויליזירטער וועלט שפּיעלט דיזער אינ־
סטינקט ניט אזא גרויסע ראָלע ווי אמאָל. ווילדע חיות זעהט

מען אין די שטייגען אין זאָאָלאָגישען גאָרטען, און אויף הויכע בערג פאָהרט מען מיט אַ צוג. די וואָס פאנגען די חיות האָבען דאָס נויטיגע געוועהר די חיה בייצוקומען און האָבען פאר איהר ניט וואָס מורא צו האָבען. די וואָס ווילען, אָדער דארפען קלעטערען אויף בערג האָבען די ריכטיגע שטעקענס און שיך דערצו און דאַרפען ניט מורא האָבען פאר ארונטערקייקלען זיך.

דאָס קינד ווידער ווערט אזוי אַפּגעהיט, אז קיין שלעכטס זאָל צו איהם ניט צושטעהן, אז עס קען זיך אויך באַגעהן אָהן שרעק. מען דארף זעהן אויסצונוצען דעם שרעק אינסטינקט אזוי, אז ער זאָל זיך פארוואנדלען אין פאָרזיכטיגקייט, דאָס הייסט, מען דארף אָנווייזען דעם קינד ווי אזוי צו היטען זיך פאר געפאהר. עס איז אָבער אבסאָלוט נויטיג צו באַקעמפען די נערוועזע שרעק, וועלכע צוברעכט אָפט אַ מענשליך לעבען.

וואָס דארף מען טאָן דערצו? ערשטענס ניט ערוועקען קיין שרעק, צווייטענס העלפען דעם קינד קאָנטראָלירען זיינע נאַטירליכע שרעק אינסטינקטען. עס איז ניט נאָר אַ נארישקייט, נאָר אויך אַ פארברעכען צו דערצעהלען דעם קינד אזוינע מעשיות ווי:

„דו הערסט, ווי דער הונט האַווקעט? אז דו וועסט וויינען וועט ער דיך אויפעסען". אָדער,

„קום שנעל אַוועק, יענער מאַן וועט דיך שלאָגען".

עס איז זעהר אַ לייכטע זאַך צו פּועל'ן ביים קינד וואָס מען וויל, אז מען שפּיעלט אויף זיינע שרעק־אינסטינקטען. עס איז אָבער אַ מעטאָד, וועלכער רואינירט דעם קינד'ס נערוועז אויף אימער. פיעלע נערוועזע קראנקהייטען ביי ערוואקסענע זיינען דער רעזולטאט פון שרעק אין די קינדערשע יאָהרען. וואָס ווע־ניגער אַ מענש שרעקט זיך אַלץ פריימוטיגער און גליקליכער קען ער זיך פיהלען.

ווען ביים קינד באַווייזט זיך אַ שרעק אינסטינקט דארף מען אין זיין אנוועזענהייט וועגען דעם קיין באַמערקונגען ניט מאַכען. דאָס וועט העלפען דעם אינסטינקט שנעלער פארבייגעהן. דאַן דארף מען, אָהן שום רייד וועגען דעם, ווייזען דעם קינד, אז עס איז גאָרניט פאר וואָס צו שרעקען זיך. צום ביישפּיעל, אַ קינד הויבט אָן מורא האָבען פאר דעם פינסטער. איינינגע וועלען אין

אזא פאל פראבירען צווינגען דאס קינד געהן אליין אין א פינסטער־
רען צימער. מען וועט זאגען:

„געה, נארעלע, געה אריין און ברענג מיר א בוך פון דארט,
דארפסט קיין מורא ניט האבען, דארט איז קיינער ניטא".

אזא רעדע וועט דאס קינד אין גארניט איבערצייגען. אויב
עס וועט זיך שוין אנגעמען מיט מוט און אריינגעהן אין צימער
וועט זיין פאנטאזיע איהם ערשט מאלען שרעקענס געשטאלטען.
דער פאקט, אז די פינסטערניש באדעקט אלעס מיט אזא טיפען
שלייער און מען זעהט גאר ניט ארוים, מאכט מעגליך צו זעהן
דארט אלע אונמעגליכע זאכען. וואס נאר די אויפגערעגטע
נערווען מאלען, דאס ענטשטעהט פאר דעם קינד'ס אויגען. ווען
מען לאזט אבער דאס קינד ניט באמערקען, אז מען ווייסט גאר
וועגען אזא זאך ווי פחד פאר פינסטערניש און מען געהט מיט איהם
אינאיינעם אריין אין א פינסטערען צימער, וועט דאס קינד זיך
פיהלען זיכערער אין דער געזעלשאפט פון דעם ערוואקסענעם און
וועט מיט רוהיגע נערווען קאנען באטראכטען וואס דארט קומט
פאר. דערצו דארף מען זעהן ניט דערצעהלען דעם קינד פון טרויער־
ריגע אדער שרעקענס געשיכטען אין דער פינסטער. בעסער זאלען
זיך ביי איהם אין געדאנק מיט דעם איינדרוק פון פינסטער פאר־
בינדען שעהנע, פריילינע געשיכטען. דאס וועט איהם העלפען
באקעמפען זיין איינגעבוירענע שרעק פאר דער געהיימניספולער
פינסטערניש.

אויף אן עהנליכען אופן קען מען אויך העלפען דעם קינד
באקעמפען אנדערע שרעק אינסטינקטען. זאל עס ניט
קריגען דעם ערשטען איינדרוק פון א מויז דאן, ווען די מוטער דער־
שרעקט זיך פלוצלינג פאר אזא באשעפעניש און שפרינגט אין דער
לופטען. אויב די מוטער אדער די אנדערע ארומיגע האבען מורא
פאר מייז זאלען זיי זעהן אויף ווי ווייט מעגליך דאס האלטען
בסוד פון קינד. זאל מען איהם דערצעהלען וועגען „מייזלעך" אין
א רוהיגען טאן, איהם ציינען דאס באשעפענישעל אויף בילדער,
אדער נאך בעסער, איהם לאזען באטראכטען לעבעדיגע מייז אין
די שטייגלאך אין א מוזעי אדער זאאלאגישען גארטען. אויף אזא
אופן וועט מען איהם צוגרייטען צו דער באגעגעניש, און דאס קינד

וועט דערפון פיעל געווינען. אויך איז ראטזאם צו ערמוטיגען דאָס קינד צו שפּיעלען מיט אַלערליי לעבעדיגע באשעפענישען, פון א וואָריבּ ביז אַ הונט. דאָס וועט אָוועקנעמען ביי איהם די שרעק פאַר קלייניגקע און גרעסערע ברואים.

לאָזען דאָס קינד פריי שפּרינגען, טאנצען, קלעטערען וועט עס מאכען בראוו און שרעקלאָז אין פיעלע אנדערע הינזיכטען.

ש ע מ ע ו ו ד י נ ק י י ט. — א מילדע פאָרמע פון דעם שרעק־אינסטינקט איז שעמעוודינקייט. אָנהויבענדיג מיט רויט ווערען, ווען מען דאַרף ריידען צו א פרעמדען מענשען און ענדיגענ־דיג מיט ווערען צוטומעלט און ניט וויסען וואָס צו זאָגען, ווען מען שטעהט אויף דער פּלאטפאָרמע און מען דערזעהט פאַר זיך א גרויסען עולם, — זיינען דאָס אַלץ אזעלכע מאָמענטען, אין וועל־כע דער מענש איז ניט ביי זיך אין דער האנט. דער איינגעבוי־רענער שרעק־אינסטינקט האָט די איבערהאנט און דער קאַלטער שכל קען דערביי גאָר ניט העלפען. דער איינציגער הייל־מיטעל איז געוואוינהייט.

פיעלע רעדנער, וואָס האָבען זיך מיט דער צייט ערוואָרבען גרויסע נעמען אַלס פעהיגע אָדער זאָגאַר טאלאנטפולע אָראטאָרס, האָבען צו דערצעהלען „איוב׳ס יסורים״ וועגען זייערע ערשטע ארויסטרעטונגען. מען גרייט צו א רעדע, מען שטודירט זי איין מיט יעדער פּינטעלע, און מען איז אזוי זיכער אין איהר שעהנקייט, שטאַרקייט און אין דער איבערציינענדער ווירקונג פון יעדען ארגו־מענט. דאכט זיך, וואָס קען זיין לייכטער, ווי אָט די מייסטער־האַפטע, איבערציינענדע שטיקעל אָראטאָריע איבערזאָגען פאַר דעם עולם? קומט מען אָבער אויף דער פּלאטפאָרמע און מען ווארפט נאָר איין בליק אויף דער פיעל־קעפּיגער מאסע אין אַלעס פאַר־שוואונדען. די געדאנקען טומלען זיך, די קניע בייגען זיך און מען ווערט באַגאָסען מיט קאַלטען שווייס. פיעלע שרייבען אָן זייערע ערשטע רעדעס און לעזען זיי שנעל דורך, ניט קוקענדיג אויפ׳ן עולם. אזוי לאנג ווי זיי זעהען ניט קיינעם, פיהלען זיי זיך אביסעל היימישער; אָבער טוען זיי א קוק, איז גע׳הרג׳עט דער עסק. און ניט נאָר רעדנער פאַר גרויסע מאסען, נאָר זאָגאַר פּראָפעסאָרען, וועמען עס קומט אויס צו ריידען צו אַן ענגען קרייז סטודענטען,

וועלכע קומען זיך צוהערען צו יעדען וואָרט און ניט צו קריטיקירען, האָבען דיזעלבע ערפאַהרונגען. דיזע שעמעוודיגע אָנפאַנגער ווע־רען מיט דער צייט גאָר היימיש מיט'ן עולם און פיהלען זיך אויף דער פּלאַטפאָרמע אָדער אויפ'ן פּראָפּעסאָר־שטול, ווי ביי זיך אין דער היים. דאָס ווערט אָבער נאָר דערגרייכט דורך ווידער־האָלטע ארויסטרעטונגען, דורך געוואוינהייט.

דאָס גאָר קליינע קינד ווייס ניט פון דיזען געפיהל. אָבער ווי עס ווערט צוויי־דריי יאָהר אַלט, הויבט עס זיך אָן צו שעמען. דאָס ערגסטע, וואָס מען קען דאַן טאָן, איז ציהען דעם שעמעוודי־גען קינד'ס אויפמערקזאַמקייט צו זיין צושטאנד. דאָס רייצט און פארשטאַרקט דעם געפיהל ביז גאָר. עס איז נענוג פאַר פיעלע ערוואַקסענע צו הערען די ווערטער: „ער איז רויט געוואָרען", אָדער „זי איז רויט געוואָרען". אַז דאָס געזיכט זאָל ביי זיי אָנהויבען ברענען. דאָס שעמעוודיגע קינד קאָן זיך גאָר קיין אָרט ניט געפינען, ווען עס הערט אזוינע באַמערקונגען ווי: „שעם זיך ניט", „עס איז ניט שעהן צו זיין שעמעוודיג", „פאַרוואָס רעדסטו ניט?", „האָסט מיך ניט ליעב, וואָס דו ענטפערסט מיר ניט?" און עהנליכע פראַזען, מיט וועלכע מען באַמבאַדירט געוועהנליך דאָס קינד, וואָס זוכט זיך צו באַהאַלטען פאַר אַ פרעמדען מענ־שען. זיי פאַלען ווי קוילען אויף זיין נשמה. אָפט מאַכען זיי טיעפע וואונדען, וועלכע לאָזען אַ סימן אויף אַ לאַנגער צייט.

דער איינציגער וועג צו האַנדלען מיט אַ שעמעוודיג קינד, איז איהם ניט צו באַמערקען. דאָס איז, אגב אורחא, גוט פאַר אַלערליי קינדער. מען ברענגט דאָס קינד, אַ שטיינער, צו גאַסט אין אַ נייע הויז. דאָס אונערפאַהרענע מענשעלע געפינט זיך אונטער נאָר אַ נייער אומגעבונג, כמעט אַזוי פרעמד ווי פאַר אונז ערוואַק־סענע איז אַ ניי לאַנד. לאָזט מען איהם צורוה, אָהן שום באַמער־קונגען, וועט עס זיך אין די מעהרסטע פעלע פאַראינטערעסירען מיט אַלע אָדער מיט איינִיגע נייע געגענשטאַנדען, עס וועט זיך אָנהויבען צוקוקען, אויספאָרשען. עס וועט דערזעהן אַ פּאָר באַקאַנ־טע זאַכען. די נייע וועלען אויך אָנהייבען אויסזעהן באַקאַנט, ווייל דאָס אייג געוואוינט זיך צו זיי אביסעל צו. ביסלעכווייז וועט זיך דער גאַסט דערפיהלען היימישער און די מורא

פאר דאָס אונבאקאנטע וועט אין גאנצען פארשווינדען. דאָס קינד וועט אָנהויבען האנדלען פריי און וואגענד, כמעט ווי ביי זיך אין דער היים. דאן וועט עס שוין אליין צורירען זיך און ארויס־זאָגען אלערליי חכמות, פון וועלכע די ערוואקסענע קווועלען אזוי אָן.

ווען מען וועט אָבער ניט געבען דעם קינד די מעגליכקייט צוצוגעוואוינען זיך צו דער נייער אומגעבונג, און אנשטאט דעם ציהען זיין אויפמערקזאמקייט צו זיין אייגענער לאגע, וועט זיך דער נאכט פיהלען זעהר שלעכט. אלעס וועט איהם אויסזעהן אזוי פרעמד און פיינדליך. זיין נאטירליכער פארלאנג צו פאָרשען די נייע געגענשטאנדען וועט פארטונקעלט ווערען פון דעם געפיהל פון מורא פאר דער אונבארמהערציגער פרעמדקייט, און דער רעזול־טאט וועט זיין אַ קאפריזנע, אויפגערעגטע שטימונג און ווארשיינ־ליך אַ פארלאנג צו קומען וואָס שנעלער אהיים. נאָך אַ פּאָר עהנליכע ערפאהרונגען, וועט דאָס קינד זיך אזוי אָנהויבען שרעקען פאר פרעמדע, אז עס וועט צו זיך קיינעם ניט צולאָזען. סיי דאָס קינד, סיי די מוטער וועלען פיעל ליידען דערפון.

## קאמף־אינסטינקט.

דער קאמף־אינסטינקט איז דעם מענשען, ווי דער היה פיעל צוניץ געקומען סיי אין פארטיידיגען דעם יחיד סיי אין פארטיידיגען דעם כלל. דיזער אינסטינקט דריקט זיך אויס אין שלאָגען זיך, אין קאָנקורירען אויף פארשיידענע אופנים, אין דיסקוטירען, אין קריגען זיך.

ביים קינד באווייזט זיך צוערשט דער אינסטינקט אלס כעס, ווען אימיצער שטעלט עס ניט צופרידען. אין אָנהויב דריקט זיך דער כעס אויס אין וויינען, אוועקקעהרען דעם קאָפּ, אין אוועקשטו־פען דעם שולדיגען; און שפעטער אין שלאָגען זיך, קלאפען מיט די פיס, און אָפט איןווארפען זיך אויפ'ן דיל. אין אלגעמיין ווערט דאָס קינד פיעל גיכער צורייצט ווי אַן ערוואקסענער אין דער כעס נעהט אויך פיעל שנעלער פאַראיבער.

אום דיזער אינסטינקט זאָל אין קינד ניט צו ווייט אוועק,

דארף מען עס פארהיטען פון אויפרעגונג. פיעלע האבען זיך ליעב צו רייצען מיט קינדער. דאס רעגט זיי אויף און רופט ביי זיי אלץ מעהר און מעהר ארויס דעם אינסטינקט פון כעס. מענשען מיט שכל דארפען זיך היטען פון אזא פארגעניגען. דאס יונגע מענשעלע ליידט פון דעם שטארק און דאס פארדארבט זיין כאראק־טער. מען טאר אויך קיין מאל ניט ענטפערען אויף כעס מיט כעס, ווייל דאס הייסט נאר גיסען בוימאויל אויפ'ן פייער. ווען א קינד ווערט אין כעס, דארף מען עס צורוה לאזען ביז דער כעס געהט פאראיבער. אויב עס איז געזונט, דארף מען אבער אויך ניט נאכגעבען זיין כעס. ווען דעם קינד'ס כעס געהט פאראיבער און עס זעהט, אז עס האט דערמיט גאר ניט אויסגעפיהרט, וועט עס זיך אן אנדערס מאל אליין קאנטראלירען.

ווען דאס קינד וואקסט אונטער און מען קאן מיט איהם שויןריידען מעשה מענש, דארף מען זעהן ווירקען אויף איהם, אז עס זאל זיין קאמף־אינסטינקט קאנטראלירען אויף וויפיעל עס איז נויטיג. מען טאר אבער ניט דערלאזען אז דאס קינד זאל זיין א פיינגלינג, און אימער לאזען זיינס איבערגעהן. עס איז ניט קלוג צו זאגען: „זאלסט זיך קיין מאל ניט שלאגען". מען דארף איהם געבען געדענקט, ווען עס שלאגט זיך אין זעלבסט־פארטיידי־גונג, און איהם באווייזען, אז עס איז ניט ריכטיג אנצופאלען אויף אן אונשולדיגען. געוועהנליך, ווען מען לאזט די קינדער צורוה לעזט זיך דאס פראבלעם אליין, ווייל די חברים לאזען זיך „אין דער קאשע ניט שפייען", און מען קעמפט שוין ווי עס איז אויס צווישען זיך. דאס בעסטע איז זיך אין גאנצען ניט מישען אין קינדעריש׳ע מחלוקות בשעת מעשה. קיינער פון די צדדים קען זיך דאן ניט צוהערען און נאך וועניגער זיך אונטערגעבען. שפע־טער, ווען דאס הייסע בלוט איז אפגעקיהלט, קען מען זיך גאנץ געמיטליך דורכריידען מיט דעם קינד וועגען מענשליכע באציהונ־גען. מען דארף איהם אבער בשום אופן ניט שטראפען, ווייל דאס רעגט נאר מעהר אויף און פארשארפט דעם ניט סימפאטישען אינסטינקט.

דער קאמף־אינסטינקט קומט אויך צום אויסדרוק אין זעהר פיעל סימפאטישע און העלדישע טאטען. אזוי איז דער פאל אין

אן אלגעמיינעם קאמף, ווי א רעוואלוציאן, א סטרייק און אנדערע שטורמישע געזעלשאפטליכע מאמענטען. ביים איינצעלנעם ווייזען זיך אזעלכע קאמפס־מאמענטען אין פאל פון פארטיידיגען א שוואכערען פון זיך, צוריק ווייזען א באליידיגונג און דאס גלייכען. אויף ווי ווייט מען קען אויף דעם קינד ווירקען, דארף מען ערמוטיגען אזעלכע העלדענטאטען, אויף וועלכע דאס קינד איז פעהיג, לויט זיין עלטער און כאראקטער.

פיעלע פרעדיגען דעם קינד וועגען קאנקורענץ, וועגען אריבערשטייגען דעם צווייטען.

„ווען דו וועסט זיך גוט לערנען, וועלען אלע זאגען, אז דו ביזט דאס בעסטע אינגעל אין קלאס“.

„איך האב בעסער ליעב דיין שוועסטערל, ווייל זי איז א גוט מיידעל. אז דו וועסט מיך פאלגען, וועל איך דיך בעסער ליעב האבען“.

דאס איז געשפיעלט אויף די ניט סימפאטישע סטרונעס פון דעם קאמף־אינסטינקט. דאס איז ניט געמאכט פון קאמף א העלדען־טאט, נאר באנוצט איהם פאר קליינליכע, פערזענליכע געווינסען. דאס קינד באזיצט אנדערע, בעסערע, נאטירליכע נייגונגען אזוי ווי דער איינגעבוירענער הונגער נאך וויסען, דער אינסטינקט צו לעבען אין דער געזעלשאפט פון אנדערע און דער פארלאנג צו ווערען געשעצט און געליעבט. עס איז פיעל בעסער צו באנוצען זיך מיט דיזע אייגענשאפטען אום צו ערמוטיגען דאס קינד צו געהן אויף דעם ריכטיגען וועג, ווי צו ווירקען אויף דעם קאנקורענץ־אינסטינקט.

## אינסטינקטיווע נייגעריגקייט.

די אינסטינקטיווע נייגעריגקייט, דער נאטירליכער הונגער נאך וויסען דיענט צו פארפאלקאמען דעם איינצעלנעם אזוי גוט ווי צו ענטוויקלען די גאנצע געזעלשאפט. דורך דעם וואס איינער פארשט, לערענט, קומט צו געוויסע שליסע, מאכט ענטדעקונגען, ווערט דער גאנצער כלל רייכער און גליקליכער. דער ערנסטער, געבילדעטער דאקטאר איז ניט נאר א פאלקאמענערער מענש, ער

רעטעט אויך די לעבענס פון פיעלע פון זיינע מיטמענשען. א מאן
ווי עדיסאָן איז ניט נאָר גרויס אלס אינדיווידום, ער האָט אויך
רייכער געמאַכט די מענשהייט דורך זיינע ערפינדונגען. און דאָס
זעלבע איז אין א גרעסערער אָדער קלענערער מאָס אמת אין יעדען
פאַל פון א מענשען וואָס פאָרשט, זוכט, לערענט. אויב זיין איינ־
פלוס געהט ניט ווייט און באשרענקט זיך נאָר אויף א קליינעם
קרייז, איז דאָס אָבער יעדענפאלס א געווינס פאר דיזען קליינעם
טייל פון דער געזעלשאפט. נייגעריגקייט קען אלזאָ מיט
רעכט באטראכט ווערען אלס געזעלשאפטליכער אינסטינקט.

די נייגעריגקייט באווייזט זיך ביים קינד זעהר פריה. ווי עס
איז שוין אָנגעוויזען געוואָרען אין קאפּיטעל ווענען די חושים, האלט
דאָס קליינינקע קינד אין איין פאָרשען זיין אומגעבונג. עס באַ־
טראכט, באטאפּט, הערט זיך צו, און וואָס מעהר עס ענטוויקלען
זיך זיינע חושים און זיין פארשטאנד אלץ מעהר וואקסט זיין
נאטירליכער הונגער נאָך וויסען. עס איז אבסאָלוט ניט נויטיג
צו צווינגען דאָס קינד, אז עס זאָל לערנען, פונקט ווי עס איז ניט
נויטיג איהם צו צווינגען עסען. נייגעריגקייט איז פונקט אזא
איינגעבוירענער אינסטינקט ווי אפּעטיט צום עסען.

אויב מען גיט נאָר דעם קינד די ריכטיגע שפּייז און מען פאר־
דארבט ניט זיין אפּעטיט, וועט דאָס קינד עסען פריי, ניט געצוואונ־
גענערייד. פּאסט מען צו פאר דעם קינד די ריכטינע גייסטיגע
שפּייז צו באפרידיגען זיין נייגעריגקייט און מען פארדארבט ניט
זיין גייסטיגען אפּעטיט, וועט דאָס קינד אליין פאָרשען און לער־
נען, און עס וועט קיין מאָל ניט נויטיג זיין צו צווינגען איהם
דערצו. אפּעטיטען זיינען אָבער פארשיידען סיי אין פיזישען,
סיי אין גייסטיגען זין. ווי צוצופּאסען די שפּייז צו יעדען אפּעטיט
באזונדער איז זעהר אַן ערנסטע פּראָבלעם. אין פיזישען זין איז
דאָס פּראָבלעם פיעל מעהר געשליכטעט ווי אין גייסטיגען. ער־
שטענס, איז די וויסענשאפט וואָס גיט זיך אָפּ מיט שפּייזען דעם
פיזישען הונגער פיעל מעהר ענטוויקעלט, ווי די וויסענשאפט, וואָס
גיט זיך אָפּ מיט שפּייזען גייסטיגען הונגער. צווייטענס, קען יעדער
איינפאכער מענש לייכטער באגרייפען דעם קינד'ס פיזישען צו־
שטאנד, ווי זיין גייסטיגען צושטאנד.

דורך ריכטיג שפייזען דעם קינד'ס הונגער נאך וויסען קען מען ברייננען יעדעם קינד צו דער העכסטער שטופע פון בילדונג, אויף וועלכער דאס קינד איז פעהיג. מיר וועלען דעם געגענשטאנד נענויער באהאנדלען אין די לעצטע טיילען פון בוך.

## מיטגעפיהל־אינסטינקט.

איינער פון די וויכטיגסטע אינסטינקטען וואס העלפען אויפ־צוהאלטען דעם געזעלשאפטליכען בנין איז דער אינסטינקט פון מיטגעפיהל. ניט ביי אלעמען איז דיזער אינסטינקט גלייך ענטוויקעלט. עס איז אבער א פאקט אז די מעהרסטע נארמאלע מענשען האבען אן איינגעבוירענעם געפיהל פון רחמנות ווען זיי זעהען א צווייטענס ליידען, אזוי גוט ווי א נאטירליכען געפיהל פון פרייד, ווען זיי זעהען א צווייטען אין א גליקליכער לאגע. אפט מאל איז דער אינסטינקט פון מיטגעפיהל אזוי שטארק, אז ער באוועגט א מענשען מקריב צו זיין זיין אייגען לעבען פאר דער טובה פון איינעם אדער מעהרערע פון זיינע מיטמענשען. און דאס קומט פאר ניט קוקענדיג דערויף וואס ביי יעדען איז זעהר שטארק דער אינסטינקט פון זעלבסט פארטיידיגונג, דער אינסטינקט פון וועלען לעבען.

אט דער שעהנער אינסטינקט איז זעהר ווייניג ענטוויקעלט ביים קליינעם קינד, און עס איז דערפאר נויטהיג צו פארדערען פון א קינד אז עס זאל עפעס טאן געגען זיינע איבריגע אינסטינקטען, ווייל דאס וועט זיין נוצליך פאר אנדערע. וואס מען דארף אבער יא טאן איז אימער ווייזען דעם קינד א ביישפיעל פון גוטסקייט און פון אפפערווילינקייט, אזוי אז ווען זיין אינסטינקט פון מיט־געפיהל וועט זיך באווייזען זאל עס שוין האבען געוויסע מאראלע באגריפע, וואס וועלען העלפען דעם אינסטינקט זיך פארשטארקען. אזוי, למשל, אויב דאס קינד באמערקט, אז דער פאטער איז אימער גרייט צו פארברייננען אן אווענד אין דער היים און טאן דער מוטערס ארבייט, אום די מוטער זאל קענען געהן אין טעאטער, צו באזוך אדער אירגענד וואו אין אן אנדער ארט זוכען פארגעניגען. די מוטער שפארט ניט קיין ארבייט אום איהר היים זאל זיין ציכטיג, די קינדער און זי זאלען זיין ריין און פרייליך, ווען דער

פאָטער קומט פון דער ארבייט, ווייל דאָס פארשאַפט איהם פארגעניגען. דערצו זעהט דאָס יונגע מענשעל, אז מען זאָרגט אין הויז וועגען א קראנקען שכן, וועגען אן ארעמער קרובה, און אז. וו., בילדעט זיך ביי איהם אויף אזא אופן אויס א באַגריף וועגען דעם, אז מיטגעפיהל שפיעלט א גרויסע ראָלע אין מענשליכע באציהונגען, און ווען עס ווערט אביסעל עלטער און זיין הארץ איז פול מיט ליעבע און מיטגעפיהל האָט עס א פעסטען באָדען אויף וועלכען צו בויען זיינע אידעאלען וועגען מענשליכע באציהונגען.

אויב אָבער דאָס קינד וואקסט אין אן אטמאָספערע פון עגאָאיזם, הארט־הערציגקייט, קארגשאַפט און ז. וו. קריגט עס דעם פארקערטען איינדרוק, אז דאָס לעבען איז א קאמף פאר איינענע באקוועמליכקייטען און אייגענע גענוסען. אלעס, וואָס זיינע מיטמענשען טוען ערוועקט אין איהם דעם פארדאכט, אז זיי מיינען זייער אייגענעם געווינס. אמת, אז פיעלע קינדער, וועלכע וואקסען אין אן עהנליכער אומגעבונג, באפרייען זיך פון דעם שלעכטען איינפלוס און באציהען זיך צו זייערע מיטמענשען א סך בעסער, ווי זייערע עלטערען. דאָס פאסירט אָבער נאָר דאן, ווען דעם קינד'ס מיטגעפיהל־אינסטינקט איז אזוי שטארק, אז ער קען ביישטעהן די אלע שטערונגען פון דער ערציהונג.

## דער אינסטינקטיווער פארלאנג צו געפעלען.

דער אינסטינקטיווער פארלאַנג געפעלען צו ווערען איז ביי איניגע מענשען אזוי שטארק, אז דאָס דיענט אלס הויפט־מאָטיוו פאר אלע זייערע האנדלונגען. „א קניפ אין באַק, נור די פארב זאָל שטעהן", וואָס מען זאָל ניט דארפען ליידען, אבי דער שכן וועט מיינען, אז מען איז פיינע מענשען. דאָס יאָגען זיך נאָך גע־זעלשאפטליכער מיינונג פאראורזאכט זעהר פיעל היפאָקריטסטוואָ, פאלשקייט און אנדערע אזעלכע מעלות טובות. אָפט ערמוטיגט אָבער דער זעלבער אינסטינקט צו טאָן גוטע זאכען. די ליעבע צו אפלאָדיסמענטען באגייסטערט ניט איין קינסטלער, און דער באַ־געהר נאָך א גוטען נאָמען רופט ארויס ניט איין ווירקליך שעהנע, גרויסע טאַט.

נאָך איידער דאָס קינד קעןריידען האָט עס שוין שטאַרק הנאָה פון ווערען געלויבט. ווען עס ווערט אביסעלע עלטער, קען מען ביי איהם זעהר פיעל פועל'ען ווען מען ווייזט מיט לויב יוער־טער אַז זיינע גוטע טאַטען ווערען ריכטיג אָפּגעשאַצט.

עס איז גאַנץ גוט צו מאַכען דעם קינד אַ פאַרדיענטען קאָמ־פּלימענט, און דורך לויב־ווערטער עס ערמוטיגען אין גוטע טאַטען. עס איז אָבער דאָ אַ געפאַהר אין אריבערכאַפּען די מאָס. ווען דאָס קינד באַקומט צופיעל קאָמפּלימענטען, ווערט עס אויס־בערפלעכליך און דאָס יאָגען זיך נאָך לויב ווערט דער הויפּט מאָ־טיוו פון זיינע האנדלונגען. ערוואַקסענע באַקומען אַזוי פיעל פאַרגעניגען פון דעם קינד'ס חכמות אַז זיי איילען זיך געוועהנליך צו טיילען זייער פרייד מיט אַנדערע, און טאַקע אין קינד'ס אַנוועז־זענהייט. ווי עס באַווייזט עפּעס אַ חכמה אַנאַנסירט מען עס באַלד אין דער הויך און אַלע פרעהען זיך און „צוצוקערען" יעדעס וואָרט. דאָס קינד הערט זיך צו, סמאַקעוועט זיך און נעמט זיך אַלץ מעהר קאָקעטירען, טאָן וואָס אַנדערע געפעלט, „שפּיעלען צו דער גאַ־לעריע". וואָס מעהר מען וויל דאָס קינד זאָל זיין באַשיידען און טריי צו זיך אליין, אַלץ ווענינער דאַרף מען דערצעהלען זיינע חכמות בשעת עס געפינט זיך דערביי.

## געלשעכטליכער אינסטינקט.

דער געשלעכטליכער אינסטינקט איז די טרייב־קראַפט, וואָס העלפט פאַרטזעצען דעם שטאַם פון כמעט יעדער לעבעדינגער באַ־שעפעניש. ווען ניט דיזער אינסטינקט, וואָלטען מענשען, אַזוי גוט ווי חיות, ניט געוואוסט פון קיין פאַרגאַנגענע און צוקונפטיגע דורות. אָפּגעלעבט און אָפּגעשטאָרבען און קיין זכר ניט פאַרבלי־בען. ווי עס איז, קומען אימער די קינדער צו פאַרנעמען דאָס אָרט פון די עלטערען און די וועלט געהט זיך איהר גאַנג.

דער געשלעכטליכער אינסטינקט ווערט באַצייכענט אלס ראַסען אינסטינקט, ווייל אַ דאַנק איהם ווערט יעדער ראַסע פאָרטגעזעצט. אין דער מענשליכער ראַסע איז דער געשלעכטליכער אינסטינקט אַ קוואַל פון באַגייסטערונג פאַר די ערהאַבענסטע טאַטען, פאַר די

גרעסטע און שעהנסטע קונסט ווערק. ווען ניט די געשלעכטליכע ליעבע וואלט אפשר דער דיכטער ניט געדיכטעט, דער מוזיקער ניט געשפיעלט און דער מאלער ניט געמאלען. דער זעלבער אינסטינקט פאראורזאכט אויך די שרעקליכסטע טראגעדיעס אין מענשליכען לעבען. ער באוועגט דעם מענשען צו באגעהן די גרעסטע און שמוציגסטע פארברעכענס, ער צוברעכט אפט די שעהנסטע לעבענס און צושמעטערט די גרעסטע אידעאלען.

דער געשלעכטס אינסטינקט באווייזט זיך אין זיין פולער מאס אין דער פריהער יוגענד, ווען דער מענש ווערט געשלעכטליך רייף און באקומט די פעהיגקייט צו פארמעהרען זיך, אויפצוהאלטען דעם שטאם דורך ארויסברענגען נייע מענשען. צווישען פלאנצען און חיות, וואו די נאטור איז פריי און ניט געצוואונגען איז די צייט פון געשלעכטליכער רייפקייט אויך די צייט פון נייעם געבורט. אין דער ציוויליזירטער מענשליכער געזעלשאפט אבער איז שאפען א פאמיליע א פיעל קאמפליצירטערער און מעהר פאראנטווארטליכער פראצעס, און דערפאר ווערט עס געוועהנליך אפגעלעגט אויף א באקוועמער צייט. פאר דעם מענש איז ניט גענוג זיך צו פארען, עס איז אויך א פראגע מיט וועמען זיך צו פארען, אונטער וואס פאר א באדינגונגען, און מיט וואס פאר אויסזיכטען אויף צו באזארגען דעם צווייטען דור.

דער עלטערען־אינסטינקט, וועלכער איז ענג פארבונדען מיט דעם געשלעכטס אינסטינקט איז אויך ענטוויקעלט ביי דער חיה. אזוי ווי זייער לעבען איז אבער זעהר איינפאך, געהט עס ניט ווייטער ווי באשיצען דאס קינד ביז עס קען זיך שטעלען אויף די פיס און אליין אפזוכען זיינע לעבענס מיטלען. דעם מענשען קומט זיך אויס צוצופאסען צו זעהר א קאמפליצירטען סארט לעבען, וואו עסען און אפילו באהאלטען זיך אין א נעסט איז ניט גענוג. א חוץ וואס דאס עסען מיט דער נעסט קומען שווער אן, מוז מען אויפטאן נאך פיעל שווערערע זאכען, אום צו זיין א מענש מיט מענשען גלייך. די עלטערען פון מענשליכען מין האבען דעריבער א שווערער שטיקעל ארבייט ווי די אנדערע. ניט נאר ערציהט מען דאס קינד, נאר מען זוכט עס אויך צו באזארגען מיט בילדונג, מיט א ריכטיגער און וואס מעהר מען קען ערפאדערען, אלץ מעהר

לעגט מען אריין אין איהם. דערפאַר איז דאָס האָבען קינדער ניט
קיין שפּיעלכעל און מען איילט זיך ניט חתונה צו האָבען.

און אז מען וואַקסט שוין אויס אין אַ געזעלשאַפט מיט אזוי
פיעל פאָדערונגען, ניט אין אַ לאָך אין אַ וואַלד און ניט אין אַ נעסט
אויף אַ בוים, איז טאַקע זעהר וויכטיג מיט וועמען מען האָט חתונה.
הגם דער געשלעכטליכער אינסטינקט שפּיעלט די הויפּטראָל ביים
פאַרליעבען זיך, וויל מען דאָס נאָרניט צוגעבען. ער פאַרליעבט
זיך אין איהר פּאָעטישער נשמה און זי אין זיין קלוגען קאָפּ. אז
עס זאָלען זיך באַגעגענען ניט קערפּערס, נאָר נשמות מיט קעפּ
דאַרפען זיך שאַפען פּאַסענדע באַדינגונגען, גליקליכע צופאַלען און
דאָס אַלעס נעמט צייט. דער קעניג פון אַלע חיות, דער מענש, קען
זיך אַלזאָ ניט פאַרגינען אזא לוקסוס ווי לאָזען פריי שפּיעלען דעם
אינסטינקט פון שאַפען לעבען.

אזוי ווי קאָנטראָלירען זיך איז ניט גרינג, זוכען דאָס פיעלע
צו באַפרידיגען אויף צווייערליי אופנים, ענטוועדער דורך פּראָ־
סטיטוציע אָדער אויף אַן אונגאַטירליכען אופן, דורך זעלבסט־
מיסברויכונג.

פּראָסטיטוציע איז אַ געזעלשאַפטליכע צרה, וואָס האָט צו
טאָן הויפּטזעכליך מיט דעם עקאָנאָמישען צושטאַנד און אזוי זיי־
נען אויך שפּעטע הייראַטען. דאָס זיינען פּראָבלעמען, וועלכע מען
קען ניט לעזען דורך ערציהונג און מיר וועלען זיך אויף זיי ניט
אָפּשטעלען.

זעלבסט־מיסברויכונג אָבער איז שוין יע אַ פּראָבלעם פאַר
דער ערציהונג און זאָגאַר אין דער צייט ווען דאָס קינד איז נאָך
גאַנץ יונג. עס פּאַסירט, אז נאָר אַ פּיצעלע קינד ווערט זיך אַ
קראַץ טאָן צווישען די פיסלאַך אָדער עפּעס ווערט איהם דאָרט ריי־
בען. עס דערפיהלט דערביי אַ געוויסע באַפריעדיגונג און עס פּרו־
בירט אַ צווייטען מאָל און אַ דריטען מאָל אינמיטען זיך
פּאָרען מיט זיין געשלעכטליכען אָרגאַן. אויף אזא אופן ענטוויי־
קעלט עס די געוואוינהייט פון זעלבסט־מיסברויכונג. ווען מען
שענקט דאַריוף ניט קיין אויפמערקזאַמקייט, ענטוויקעלט זיך
דיזע שעדליכע געוואוינהייט, און אַמאָל זיינען די רעזולטאַטען זעהר
טרויעריג. די זעלבסטמיסברויכונג רייצט אַלץ שטאַרקער און

שטאַרקער דעם געשלעכטס אינסטינקט און אַלץ מעהר זוכט דאָס קינד צו באפריעדיגען דעם אינסטינקט אויף אַן אונגאטירליכען אופן. אויב דאָס געהט זעהר ווייט שטערט דאָס דעם קינד'ס פעהיגקייטען צו לערנען, עס ציהט אָפּ זיין אויפמערקזאמקייט פון ניצליכער ארבייט, עס שוואכט אָפּ זיינע כוחות און זיינע נערווען און אמאָל, אין גאָר שלעכטע פעלע, פאראורזאכט דאָס אויך לונגען און הארץ־קראַנקהייטען.

דאָס פראָבלעם פון פארמיידען אָדער, וואו עס איז שוין צו שפעט צו פארמיידען, פון רעטען דאָס קינד פון זעלבסט־מיסברויכונג איז גאַנץ ערנסט. ווען דאָס קינד איז נאָך גאָר אַ פיצעלע מוז מען זעהן:

1) האַלטען ריין די געשלעכטס אָרגאַנען. ווען דאָס ווערט ניט געטאָן, פאַסירען אָפט לייכטע ענטצינדונגען און דאָס באַוועגט דאָס קינד אָפט צו קראַצען און באריהרען דאָס ענטצינדעטע אָרט.

2) דער דייפּער (ווינדעלע) זאָל זיך ניט אָפּלעגען צו דיק צווישען די פיסלאַך אום דאָס זאָל ניט רייבען.

3) בשעת מען וואַשט דאָס קינד, וואָס ווייניגער באריהרען די געשלעכטס אָרגאַנען מיט דער האַנט.

אויב דאָס פיצעלע הויבט דאַך אָן צו ווייזען אַ נייגונג צו זעלבסט־מיסברויכונג, דאַרף מען איהם פשוט פארבינדען די הענטלאַך, ווען מען לעגט עס שלאָפען און ווי עס כאַפּט זיך אויף עס גלייך ארויסנעמען פון בעט.

ביי אַן עלטער קינד ענטוויקעלט זיך אַמאָל די נייגונג צו זעלבסט־מיסברויכונג דורך פאָהרען רייטענדיג אויף אַ וועלאָסיפּעד, אַ הילצערען פערדעל אָדער דורך וועלכע אַנדערע קערפּערליכע איבונגען וואָס רייבען צווישען די פיס. אויך נעמט עס זיך פון ווערען געשלעכטליך אויפגערייצט דורך הערען אָדער לעזען נעררוועסע געשיכטען. און גאָר אָפט קומט עס פון פאָלגען אַ חבר'ס אַ ביישפּיעל.

דאָס בעסטע מיטעל צו פארמיידען זעלבסט־מיסברויכונג ביי עלטערע קינדער איז:

1) גוטע, נאַהרהאַפטע שפּייזען און וואָס ווייניגער אַזעלכע עסענוואַרגען אָדער געטרענקע וואָס רעגען אויף.

2) שלאָפען אין אַ קיהלען, לופטיגען צימער; אין אַ האַרט בעט, קיינע ווייכע איבערבעטען; אַ גאַנץ לייכטען צודעק.
3) פריה אויפשטעהן.
4) פיזישע איבונגען אויף דער פרישער לופט.
5) וואַשען זיך מיט קאַלטע וואַסער און קאַלטע דושען.
6) גענוג אינטערעסאַנטע אַרבייט צו האַלטען דאָס קינד באַ־שעפטיגט.

ווען מען באַמערקט אַז דאָס קינד הויבט אָן צו ענטוויקלען די געוואוינהייט, דאַרף מען זעהן אַוועקנעמען ביי איהם אַלע שפּיעלצייג וואָס רייבען צווישען די פיס. אויך שטרענג אָנווענ־דען די אַלע אויסגערעכענטע מיטלען. אַ חוץ דאַרף מען איהם ערקלערען ווי שעדליך דאָס איז. דאָס מוז אָבער געטאָן ווערען זעהר פאָרזיכטיג און מיט טאַקט. מען דאַרף זעהן ניט פאַרשעמען דאָס קינד און איהם ניט וועה טאָן. די הויפּטזאַך איז צו קריגען זיין פולען צוטרוי. מען מוז אויפפּאַסען, דאָס קינד זאָל ניט ליגען אין בעט ווען עס שלאָפט ניט. דאָס מוז אָבער אויך געטאָן ווערען אַזוי, אַז דאָס קינד זאָל ניט פיהלען אַז מען היט עס. יוָאס ווייני־גער עס וועט דענקען וועגען זיין חסרון אַלץ גיכער וועט עס ווערען אויסגעקורירט.

אַלעס דאַרף אָנגעווענדעט ווערען אַז דעם קינד׳ס געשלעכט־ליכער אינסטינקט זאָל זיך ענטוויקלען נאָרמאַל.

אַ חוץ דער פראַגע וועגען זעלבסט־מיסברויכונג, שטעהט פאַר דעם ערציהער נאָך זעהר אַ וויכטיג פּראָבלעם און דאָס איז, ווי צו געבען דעם קינד אַ ריכטיגען און ווירדיגען באַגריף וועגען גע־שלעכטס־לעבען.

צוליעב דעם וואָס דער געשלעכטס־אינסטינקט שפּיעלט אַזאַ וויכטיגע ראָל אין לעבען פון דעם איינצעלנעם, אַזוי גוט ווי אין לעבען פון כלל, און צוליעב דעם, וואָס דער מענש דאַרף איהם אָפט קאָנטראָלירען, איז דיזער אינסטינקט אימער געשטאַנען ווי אַ ביין אין האַלז אין אונזער ציוויליזאַציע. מען האָט געדענקט, אַז דאָס בעסטע מיטעל איז אינגאַנצען צו האַלטען בסוד פון קינד, אַז עס איז דאָ אויך [illegible] געשלעכטס־אינסטינקט. מען האָט דערציעהלט די יונגע חברה, אַז אַ קינד קויפט מען אין אַ קראָם, אַז

מלאכים ברייגגען עס פון הימעל, אדער גאר אז א שטראוס־פויגעל ווארפט עס גלייך אין בעט אריין. עלטערען, וואס היטען זייערע קינדער פון א ליגען, ווי פון פייער אויף אלע אנדערע געביעטען, דערצעהלען איהם דאך אלע מעגליכע און אונמעגליכע ליגענס, אבי נור עס זאל זיך חלילה ניט דערוויסען, ווער זיינע ריכטיגע טאטע־מאמע זיינען. די נאטור לאזט זיך אבער ניט נארען. דעם קינד'ס נאטירליכע נייגעריגקייט צו דערוויסען זיך דעם אמת וועגען דעם, פון וואנען עס קומט, לאזט זיך מיט קיין אויסגעטראכטע מעשות ניט באפריעדיגען. עס פרעגט און פרעגט ביז עס דערפרעגט זיך. די אויסקינפטע וועגען געשלעכטס לעבען באקומט עס ענטוועדער פון די אונערפארענע חברים אין גאס, אדער פון אן ערוואקסענעם, וועלכער דריקט זיך געוועהנליך אויס אין ניט גאנץ זויבערע גלייכ־ווערטלעך, אדער אין צווייד״יטיגע אנצוהערענישען. דאס קינד באקומט א ניט קלארען און אפט ניט שעהנעם באגריף וועגען דאס שעהנסטע און הייליגסטע, וואס די נאטור האט געגעבען דעם מענ־שען — די קראפט צו שאפען ניי לעבען. די ניט־קלארקייט רייצט נאך מעהר און מעהר דעם קינד'ס אינסטינקט. מיט די עלטערען שעמט עס זיך צו ריידען, ווייל זיי האבען דורך זייערע ליגענס גע־שאפען דעם איינדרוק, אז דעם אמת איז א שאנדע אויסצוזאגען. עס רוהט ניט, עס זוכט מעהר צו וויסען און אויף אן אונגאטירליכען אופן צו באפריעדיגען דעם „שענדליכען" געשלעכטס אינסטינקט.

א דאנק דיזע אומשטענדען, וואס מאכען צו שאנדע און צו שפאט דעם פראכט פון דער נאטור'ס שאפונג, ווערט אויך ביי'ם קינד אפט קארופטירט דער באגריף וועגען צווייטען געשלעכט. מען קוקט איינס אויפ'ן צווייטען, באזונדערס די אינגלאך אויף די מיידלאך, ווי אויף א מאטעריאל צו באפריעדיגען א מיאוס'ען, זינדיגען געפיהל. צאהללאזע יונגע מיידלאך און אינגלאך זינקען געשלעכטליך, און צוליעב דעם אויך אין פיעלע אנדערע הינזיכטען, הויפטזעכליך דערפאר וואס זיי האבען זייערע אויסקינפטע וועגען געשלעכטס לעבען ניט באקומען פון ריכטיגען קוואל.

די פאסענדסטע פערזאנען צו באפרידיגען דעם קינד'ס הונ־גער צו וויסען וועגען דעם שורש פון זיין איינענעם לעבען, זיינען

די וואָס האָבען איהם דיזעם לעבען נעגעבען, זיינע אייגענע על־טערען.

ווען דאָס קינד ווערט א יאָהר דריי־פיער הויבט עס זיך אָן צו אינטערעסירען מיט אזוינע פראגען, ווי „פון וואנען בין איך געקומען?" „וואו בין איך געווען ווען די מאמע איז געווען א קליין מיידעל?" „ווען וועט די מאמע האָבען א ברודערל?" און אז. וו. אין יענער צייט איז נאָך דאָס קינד פול מיט צוטרוי צו די על־טערען. עס ווייס נאָך ניט, אז מען קען עס נארען, און עס גלויבט דערפאר אלעם וואָס מען זאָגט איהם. אין יענער צייט איז נאָך ביי'ם קינד אויך זעהר שוואך ענטוויקעלט דער געשלעכטס אינ־סטינקט, און די אויסקינפטע, וואָס עס באקומט קען עס גאנץ רוהיג אויסהערען און פארדייען, אויב נור דיזע אויסקינפטע ווערען ריכ־טיג נעגעבען. עס איז נאטירליך נאָך ניט די צייט צו פארשטעהן דעם גאנצען שאפונגס פראָצעס און דערפאר דארף מען דעם קינד דערצעהלען נור אזוי פיעל, ווי פיעל עס איז בכוח צו באגרייפען. מען מוז איהם אָבער זאָגען נור דעם אמת. מען קען זיך, צ. ב.., פאָרשטעלען אזא געשפרעך צווישען א פיער יעהריגען יורש אָדער יורש'טע מיט דער מוטער:

— מאמע, פון וואנען בין איך צו דיר געקומען?

— איך האָב דיך געבוירען.

— וואָס הייסט, דו האָסט מיך געבוירען?

— איך האָב דיך געהאט, דו ביזט פון מיר ארויסגעקומען.

— פון וואנען, פון דיין מויל?

— ניין, פון מיין בויך.

— ווי בין איך אהין געקומען?

— דו ביזט דאָרט אויסגעוואקסען.

— וואו בין איך געווען איידער איך בין אויסגעוואקסען?

— דאָס וועל איך דיר אַן אנדערס מאָל דערצעהלען, יעצט ווערסט דו עס נאָך ניט פארשטעהן, דו ביזט נאָך צו יונג.

יעדעס מאָל, וואָס אזא געשפרעך קומט פאָר קען די מוטער צו ביסלעך צוגרייטען דאָס קינד צו דערוויסען זיך דעם אמת און ווען עס וועט אלט זיין זיעבען־אכט יאָהר וועט עס אלעס וויסען.

אין זיין קינדערשער אנשולד וועט עס זעהן אין פראצעס פון שאפען לעבען נור דאס שעהנע און נאטירליכע.

דער סארט געשפרעכען אליין זיינען אבער ניט גענוג אז דאס קינד זאל קענען באגרייפען דעם גאנצען געגענשטאנד. מען מוז איהם אויך געבען א וויסענשאפטליכע פארבארייטונג דורך ציהן זיין אויפמערקזאמקייט צו דעם פארמעהרונגס פראצעס פון אנדערע לעבעדיגע זאכען — פלאנצען און חיות.

די געבילדעטע מוטער וועט דאס טאן מיט מעהר ערפאלג, ווייל זי ווייסט מעהר וועגען די זאכען. אבער זאגאר די איינפאכע מוטער קען זיך אויך אביסעל באקאנען מיט דעם ווי בלומען וואקסען, ווי די הוהן לעגט אן איי און דאס ווערט פארוואנדעלט אין א הענדעלע און ד. גל. וואס מעהר מען וועט דעם קינד דערצעהלען וועגען פאר־מעהרונגס פראצעסען אין אן איינפאכער, פארשטענדליכער פארמע, אלץ מעהר וועט מען עס צוגרייטען צו פארשטעהן דאס מענשליכע געשלעכטס לעבען.

דערביי דארף מען דאס קינד אויך באקאנט מאכען מיט זיינע אייגענע געשלעכטס ארגאנען, אזוי גוט ווי מיט די געשלעכטס ארגא־נען פון די אנדערע באשעפענישען, מיט וועלכע דאס קינד פאר־אינטערעסירט זיך. מען דארף עס אויפמערקזאם מאכען ווי נוי־טיג עס איז צו האלטען די געשלעכטס ארגאנען ריין, אפצוהיטען זיי פון יעדען שאדען, וואס מען קען זיי ברענגען דורך אונפארזיכ־טיגער באריהרונג און אז. וו.

נעוועהנליך קומט אויס זיך צו רעכענען מיט יעדען קינד בא־זונדער, ווי אזוי און ווען צו ריידען וועגען אזוינע זאכען. א קינד וואס אינטערעסירט זיך מעהר, דארף באקומען מעהר ענטפערס. א קינד וואס פרעגט ניט, קען מען לאנגזאמער פארבערייטען. אזוי צו אזוי, איין געזעץ מוז דורכגעפיהרט ווערען: דאס קינד דארף באקומען א שעהנעם און אמת׳ען באגריעף וועגען געשלעכטס לע־בען. דאן וועט עס שטאלץ און זיכער קוקען אויף זיין צוקונפטיגער אויפגאבע פארטצוזעצען זיין שטאם. זיין געשלעכטס־אינסטינקט וועט ניט גערייצט ווערען פון אימער גריבלען זיך אום צו דערגעהן דעם סוד. דאס געשלעכטס לעבען וועט ניט ערשיינען אלס שמוציג און זינדיג, נור אלס נאטירליך און שאפענד.

## דער וואוקס פון קאָפּ.

די ענטוויקלונג פון קינד׳ס פארשטאנד הענגט זעהר פיעל אָפּ פון זיין אלגעמיינעם פיזישען וואוקס און באזונדער פון דער גאַנ־צער ענטוויקלונג פון דעם מארך פון קאָפּ, פאָלגליך אויך פון דעם קאָפּ־שארבען, וועלכער ענטהאלט אין זיך דעם מארך. ווען עס טרעפט, אז די ענטוויקלונג פון מארך שטעלט זיך אָפּ צוליעב וועל־כער עס איז קראנקהייט, בלייבט דאָן אויך שטעהן די ענטוויקלונג פון זיין פארשטאנד.

אם שטארקסטען וואקסען דער קאָפּ און דער מארך דאָס ער־שטע יאָהר. דורך יענער צייט וואקסט דער מארך אויס אויף מעהר ווי א העלפט פון דעם, וואָס ער וועט אויסוואקסען דורך דער גאַנ־צער איבעריגער צייט פון מענשענס לעבען. און דאָס ערשטע יאָהר ענטוויקעלט זיך אויך דעם קינד׳ס גאנצער אָרגאניזם זעהר שנעל.

עס נעמט צו ביי צוויי הונדערט פראָצענט אין וואָג, דאָס הייסט צו ענדע פון יאָהר וועגט עס ביי דריי מאָל אזוי פיעל ווי עס האָט געוואוינען, ווען עס איז געבוירען געוואָרען.

עס קריגט די ערשטע עטליכע צייהנער און עס הויבט אָן צו לעבען אויף „אייגענע קעסט״. עס הענגט מעהר ניט אָפּ פון דער מוטער׳ס מילך, (אָדער פון דער מילך וואָס איז קינסטליך צוגע־גרייט צו זיין עהנליך צו דער מוטער׳ס), ווייל ווי נאָר עס באַוויי־זען זיך די ערשטע צייהנער, ענטוויקלען זיך אויך שטארק דעם קינד׳ס פארדייאונגס־פעהיגקייטען.

צו ענדע יאָהר קאָן עס שוין ארויסריידען איינינגע ווער־טער, עס ווערט געלעגט דער פונדאמענט פון קענען באנוצען זיך מיט שפראַך.

דער צווייטער פעריאָד פון שטארקען וואוקס ציהט זיך פון

איין יאָהר ביז זעקס אָדער זיבען, ווען ביים קינד הויבען זיך אָן בייטען די צייהנער. אויך דאַן וואַקסען זעהר שנעל דער קאָפּ און דער מארך. נאָך זיבען יאָהר וואַקסט שוין דער מארך זעהר לאַנג־זאַם.

די פאָלגענדע ציפערען געבען א דייטליכען באַגריף וועגען דעם וואוקס פון דעם מענשליכען קאָפּ.

דער אומקרייז, דאָס הייסט, די מאָס ארום קינד'ס קאָפּ איז 13½ אינטשעס ביים געבוירען, 18 אינטשעס צום יאָהר, 20½ אינטשעס צו פינף יאָהר און 21½ אינטשעס ביי אן ערוואַקסענעם מענשען.

מען דארף זיך ניט שרעקען אויב דעם קינד'ס קאָפּ האלט ניט פּינקטליך די אָנגעגעבענע מאָס. די ציפערען זיינען פאר דעם דורכשניטליכען קינד. עס זיינען פאראַן א סך נאָר־מאַלע קינדער, וועמעס קעפּ זיינען עטוואָס קלענער אָדער עטוואָס גרעסער.

## די אייגענשאפטען פון דעם מענשליכען פארשטאַנד

צום יאָהר באַזיצט שוין דאָס קינד אַלע אייגענשאַפטען וואָס זיינען נויטיג פאר זיין אינטעלעקטועלער ענטוויקלונג.

עס קאָן באמערקען און מאכען פארבינדונגען צווישען די איינדריקע, וואָס עס באַקומט דורך זיינע חושים.

עס קאָן געדענקען די געגענשטאַנדען אָדער פאקטען וועלכע קומען אריין אין זיין ערפאַהרונג.

עס קאָן פאָרשען און זוכען צו באַקענען זיך מיט זיין אומגעבונג.

עס קאָן זיך פאראינטערעסירען מיט באַשטימ־טע ערשיינונגען און זיי שענקען זיין אויפמערקזאַמ־קייט.

עס באַזיצט די פאָרשטעלונגס קראַפט צו באַ־גרייפען ערשיינונגען וועלכע עס זעהט ניט פאר זיינע אויגען, און צו שאַפען נייע בילדער און נייע באַדינגונגען באַגרינדעט אויף זיין ערפאַהרונג.

און עס איז בכוח צו אורטיילען וועגען זאכען און ערשיינונגען און באשליסען וואס צו טאן אונטער באַ־שטימטע באדינגונגען.

נאטירליך, זיינען נאך די אלע אויסגערעכנטע מען ניט פאלקאם ענטוויקעלט, עס איז אבער פאראן דער אנהויב.

וואס מעהר עס וואקסט דער מארך אלץ מעהר ענטוויקלען זיך די פארשיידענע פעהיגקייטען, וועלכע שטעלען צונויף דעם מענש־ליכען פארשטאנד.

אויב דעם קינד'ס חושים, די טירען צום פאר־שטאנד — אזוי גוט ווי זיין מארך, די וואוינונג פון זיין פארשטאנד, ענטוויקלען זיך נארמאל, דאן באווייזען זיך סמנים פון פארשטאנד, ווען עס איז א מאנאטען דריי, פיער אלט.

דאס קינד הויבט אן צו מאכען געוויסע פארבינדונ־גען צווישען די איינדריקע וואס עס באקומט. דאס זעהט מען ארויס פון זיין שפיעל. צום ביישפיעל, עס באוועגט מיט דער האנט און פאלגט נאך די באוועגונגען מיט די אויגען. דאס ווייזט, אז דאס קינד פאנגט אן צו באמערקען, אז עס איז דא א פארבינ־דונג צווישען דער באוועגונג פון דער האנט און דער באוועגונג פון אויג. נאכדעם קומען נאך מעהר קאמפליצירטע פארבינדונגען פון אויסערליכע איינדריקע. אזוי, למשל, ווען דאס קינד הויבט אן שפיעלען מיט א קלאפערעל פארבינדט עס דאס אויסזעהן פון דעם קלאפערעל מיט די קלאנגען וואס דאס גיט ארויס אזוי גוט, ווי מיט די באוועגונגען, וועלכע עס מאכט אום ארויסצוברייננען די קלאנגען און מיט די פארשיידענע איי־גענשאפטען פון קלאפערעל, וועלכע עס טאפט אן מיט די ליפען אדער, מיט די הענט, ווי די הארטקייט, גלאטקייט אדער רונדקייט פון קלאפערעל.

דער ערשטער סימן, אז ביים קינד הויבט זיך אן צו ענטוויק־לען דער זכרון איז דער פאקט אז עס דערקענט די מוטער. דאס ווייזט, אז ניט נור האט עס איהר געזעהן נור עס געדענקט אויך איהר אויסזעהן. שפעטער אביסעל הויבט עס אן צו דערקענען אנדערע אויסער דער מוטער, עס דערקענט אויך פא־

שיידענע ערטער אין זיין אומגעבונג אזוי גוט ווי געגענשטאנדען. אזוי, צום ביישפיעל, וועט א קינד פון פינף־זעקס מאָנאטען פאַר־שטעהן ווען מען קלייבט זיך איהם געבען עסען. צי די מוטער וועט זיך צוגרייטען איהם געבען די ברוסט, צי זי וועט זיך באווייזען מיט דעם פלעשעל מילך אין דער האנט, אויב דאָס קינד זויגט פון פלעשעל, יעדענפאלס וועט עס באלד דערקענן, אז זי מיינט צו באפרידיגען זיין הונגער. אויב עס ווערט קינסטליך גענאהרט, וועט עס אָפט זיך ציהן צום אייז־קאסטען, וואו די פלעשלאך שטעהען אָדער צום אויוועז, וואו מען ווארעמט זיי געוועהנליך, איידער מען גיט איהם עסען. אין אזא פאל גערענקט עס שוין אלזאָ ניט נור די ברוסט אָדער דאָס פלעשעל, פון וועלכען עס באקומט דירעקט די שפייז, נור עס האָט אויך באמערקט און עס האלט אין זכרון דעם פלאץ, פון וועלכען די מילך קומט.

אויף דער הונגער נאָך וויסען, די נייגע־רינקייט צו באקאנען זיך מיט נייע געגענשטאנדען און זייע־רע איינגענשאפטען באווייזט זיך זעהר פריה. דאָס איז שוין אָנגעוויזען געוואָרען אין דער ספעציעלער אָפּ־האנדלונג וועגען אינסטינקטיווער ניינעריגקייט, אין קאפיטעל „אינסטינקטען".

וואָס עלטער עס ווערט אלץ מעהר זוכט עס צו דערגעהן די סודות פון אלעס וואָס טוט זיך ארום איהם. כאראקטע־ריסטיש איז דער אויסדרוק פון געזיכט ביי א קינד פון פינף ביז אכט־ניין מאָנאטען. עס זעהט כמעט אימער אויס ווי א פראגע צייכען. פרעגען קען עס ניט, אָבער אויפ'ן געזיכט זעהט מען, אז עס איז פארוואונדערט פון אלעס און עס האָט פאר זיך די גרויסע פראָבלעם צו דערגעהן, „וואָס איז דאָס? וואָס קומט דאָ פאָר ארום מיר?" שפעטער ווען עס הויבט אָן צו דערוויסען זיך אלץ נייע און נייע זאכען דורך אייגענער ערפאהרונג און דערביי ווערט עס אויך שטארק פארנומען מיט פארשיידענע טעטיגקייטען, פאר־שווינדט אביסעל דער פראגע צייכען פון געזיכט. ווי אָבער דאָס קינד קען נור ריידען, אזוי הויבט עס אָן צו שיטען מיט פראגען ביז מען ווערט מיער ענטפערענדיג. עס הויבט זיך אָן מיט „וואָס איז דאָס?" און „ווער איז דאָס?" דאן קומט „פארוואָס איז דאָס?"

וואָס מעהר עס ענטוויקעלט זיך, אַלץ פֿיעלזייטיגער ווערען נע־
וועהנליך די פֿראַגען. אַלעס מוז אָבער האָבען אַ „פֿאַרוואָס".
„וואָס איז דאָס?" — „אַ בלום. — „פֿאַרוואָס אַ בלום?"
„פֿאַרוואָס ניט אַ בוים?"
„וואָס טוסטו?" — „איך עס". — „פֿאַרוואָס עסטו?" —
„ווייל איך בין הונגעריג". — „פֿאַרוואָס ביזטו הונגעריג?" —
און אַזוי ווייטער. עס איז קיין סוף ניטאָ צו די פֿאַרוואָס'ען. און
אַזוי האַלט עס אין איין פֿרעגען און אין איין פֿאָרשען מיט איינענע
כוחות.

אויפֿמערקזאַמקייט באַווייזט זיך ביים קינד
ווען עס איז אַ מאָנאַטען פֿינף־זעקס אַלט. עס וועט זיך צוהערען
צו אַ געוויסען קלאַנג מיט אַ באַזונדער אינטערעס, אָבוואָהל עס
וועלען זיך הערען פֿאַרשיידענע אַנדערע קלאַנגען. פֿון נאָס הערט
זיך דאָס פֿייפֿען פֿון אַן אָטאָמאָביל פֿייפֿעל, דאָס קלינגען פֿון אַ
טראַמוואַי גלעקעל און, דאָך באַמערקט דאָס פֿיצעלע דאָס אַלעס
ניט און הערט זיך נאָר צו צום קלאַנג וואָס די מו־
טער, לאָמיר זאָגען, מאַכט מיט אַ לעפֿעלע אָן אַ גלאָז. דאָס ווייזט,
אַז פֿון אַלע אַרומיגע קלאַנגען האָט זיך דאָס קינד פֿאַראינטערע־
סירט נאָר אין איינעם און צו יענעם שענקט עס זיין אויפֿמערק־
זאַמקייט. אָדער עס וועט זיך צוקוקען צו אַ רויטער שמאַטקע,
הגם אַרום איהם געפֿינען זיך פֿאַרשיידענע אַנדערע געגענשטאַנדען
האָט איהם אָבער דער רויטער קאָליר פֿאַראינטערעסירט מעהר
ווי אַלעס און אויף דעם האָט עס קאָנצענטרירט זיין אויפֿמערק־
זאַמקייט.

דעם קינד'ס אויפֿמערקזאַמקייט איז געוועהנליך זעהר איבער־
לויפֿענד. זעלטען ווען אַ זאַך פֿאַראינטערעסירט עס אויף לאַנג.
אָט איז עס, דאַכט זיך, טיעף פֿאַרטאָן אין לעגען אַ קלעצעלע אויף
אַ קלעצעלע און בויען אַ טורם, און אין אַ מינוט אַרום איז דער
גאַנצער טורם צושליידערט און עס פֿאָהרט שוין רייטענדיג אויף אַ
ביינקעל. און באַלד וואַרפֿט עס אַ פֿילקע אין דער לופֿטען, אום
עס ווידער גלייך צו פֿאַרבייטען מיט עפּעס אַן אַנדער שפּיעל.
אוועקזעצען זיך און אַרבייטען אויף דער זעלבער זאַך אַ לענגערע
צייט אום ווירקליך צו דערגרעהן עפּעס אַ טאָלק אין דער אַרבייט

איז פאר א קליין קינד זעהר אַ שווערע זאַך. ווי אזוי ארויסצוּרו־פען דעם קינד׳ס רויערענדען אינטערעס און זיין רויערענדע אויפ־מערקזאַמקייט איז איינס פון די הויפּט פּראָבלעמען אין דער קינ־דער־ערציהונג. מיר וועלען וועגען דעם נאָך פארהאַנדלען אין וויי־טערע אפּטיילונגען.

דעם קינדס **פאָרשטעלונגס קראַפט** איז זעהר פיעל פארבונדען מיט זיין זכרון. אום זיך עפּי[illegible] פאָרצושטעלען מוז עס אין גערדאנק האָבען א בילד פון געוויסע פאַקטען, דאָס הייסט, עס מוז **געדענקען** פאַקטען וואָס זיינען עהנליך צו די, וואָס עס שטעלט זיך פאָר. אין אָנהויב איז די פאָרשטעלונגס קראַפט באַגרענעצט אויסשליסליך אויף די פאַקטען, וועלכע דאָס קינד האָט דורכאויס דורכגעלעבט. אזוי, למשל, ווען א קינד פון צעהן מאָנאַטען ציהט אייך צו דער טיר און ווייזט אייך מיט פאר־שיידענע סמנים, אַז עס וויל, איהר זאָלט עס אַרויסנעמען אין גאַס, האָט עס אַ פאָרשטעלונג וועגען דעם, וואָס עס וועט דורכלעבען ווען עס וועט זיין אויפ׳ן גאַס, לויט דער ערפאהרונג וואָס עס האָט פריהער געהאַט. דאָס קינד זעהט אין זיין גערדאנק אַ בילד פון די מענשען, וואָס באַוועגען זיך אין גאַס, פון די פערד, די קעז, די הינט וועלכע עס האָט דאָרט אָפט געזעהן, פון דער נאַטור, וואָס ס׳האָט ארום זיך באַמערקט, א. אז. וו. עס שטעלט זיך אַלזאָ פאָר אַלעס דאָס, וואָס עס האָט שוין געזעהן און וואָס עס געדענקט.

שפּעטער ווען דאָס קינד קריגט מעהר ערפאהרונג אין לעבען אין עס קריגט די פעהיגקייט צו קאָמבינירען, פאַרבינדען פארשיי־דענע פאַקטען איינס מיט׳ן צווייטען, הויבט עס אָן „צונויפפיהרען אַ וואַנט מיט אַ וואַנט“. האָט עס געזעהן די מאַמע אין אַ געוויסען הוט, הייסט עס ניט אַז זיין גערדאנק קאָן נאָר מאָלען אַ בילד פון דער זעלבער מאַמע מיט דעם זעלבען הוט. מען נעמט דעם איינ־ציגען פאַקט וואָס רופט זיך הוט, מען טוט עס אָן אויפ׳ן אייגענעם קאָפּ און מען ווערט אליין אַ מאַמע. און האָט מען געזעהן ווי אַ רייטער פאָהרט אויף אַ פערד, דאַרף מען ניט פונקט אַ פערד צו פאָהרען רייטענדיג דאַרויף. אַ שטעקען איז פונקט אזוי גוט, ווען ער ווערט באַלעבט פון דעם קינדס פאָרשטעלונגס קראַפט. ער באַ־

קומט באַלד אַ פערדישע נשמה און טראָגט זיך מיט'ן רייטער איבער דעם פרייען פעלד, אויב דאָס קינד האָט אַ באַגריף פון א פעלד, אָדער איבער די הויכע בערג, אויב דער רייטער האָט אַזעלכע געזעהן.

דעם קינדס פאַרשטעלונגס־קראַפט קאָן ניט שאַפען קיין אַבסאָלוט נייע זאַכען, וועלכע עס האָט קיינמאָל ניט באַגעגנט אין זיין ערפאַהרונג. זי מוז בויען אויף ערפאַהרונג פונקט ווי די פאַרשטעלונגס־קראַפט פון דעם ערוואַקסענעם. זי קאָן אָבער אַזוי פאַרבינדען איין פאַקט מיט'ן צווייטען, אַז עס זאָל זיך שאַפען א נייער רעזולטאַט.

דער גרעסטער טייל פון דעם קינדס שפּיעל איז געבויט אויף פאַרשטעלונג. אָט שפּיעלט עס איין ראָל און אָט שפּיעלט עס א צווייטע. און אַזוי אויך די חברים אָדער די געגענשטאַנדען מיט וועלכע עס שפּיעלט, ווערען זעהר אָפט פאַרוואַנדעלט אין פאַרשיידענאַרטיגע העלדען.

עס איז שווער צו זאָגען באַשטימט ווען דאָס קינד קריגט צוערשט די פעהיגקייט צו א ו ר ט י י ל ע ן און צו פאַסען ב אַ ש ל י ס ע. יעדענפאַלס באַווייזען זיך דיזע העכערע אינטעלעקטועלע פּראָצעסען אויך ווען דאָס קינד איז נאָך גאַנץ יונג.

ווען, צום ביישפּיעל, איהר דערלאַנגט אַ קינד צוויי שטיקלאַך קוכען, איינס אַ גרעסערס און איינס א קלענערס, און דאָס קינד קלייבט ב אַ ו ו א ו ס ט ז י נ י ג אויס דאָס גרעסערע, ווייזט עס אַז דאָס קינד האָט ג ע א ו ר ט י י ל ט אַז דאָס גרעסערע ענטהאַלט מעהר, און עס האָט דאַריבער ב אַ ש ל אָ ס ע ן אויסצוקלייבען דאָס גרעסערע. אַזוי פיעל ענטוויקלונג באַזיצט שוין אָפט אַ קינד פון נייען — צעהן מאָנאַטען.

ווען עס ווערט אַביסעל עלטער, קאָן עס שוין אורטיילען ניט נאָר וועגען ג ע ג ע נ ש ט אַ נ ד ע ן, וואָס געפינען זיך פאַר זיינע אויגען, נאָר אויך וועגען א ו מ ש ט ע נ ד ע ן, אין וועלכע עס האָט אַ מ אָ ל געהאַט אַן ערפאַהרונג. דאָ פאָדערט זיך שוין אַלזאָ די הילף פון דער פאַרשטעלונגס־קראַפט.

דאָס קינד ע., צום ביישפּיעל, וועלכעס איז אַלט געווען אַ יאָהר מיט צוויי וואָכען, האָט זיך געוואָלט פּליושקען אין דעם וואַסער פון שפּיי־טעפּטעל. די מוטער איז אָבער געזעסען דערביי און פון

פריהערדיגער ערפאהרונג האָט ע., געוואוסט, אז די מאמע ערלויבט ניט דיזע אנציהענדע שפּיעל. זי האָט דערפאר אלץ געראטען דער מוטער אריינצוקוקען אין בוך, און יעדעס מאָל וואָס די מוטער האָט זיך פארקוקט אין בוך האָט זיך ע., געכאפּט פאר דעם שפּיי־קעסטעל. ווי אָבער די מוטער האָט אויפ־געהויבען די אויגען האָט דאָס קינד אָפּגעלאָזען די שפּיעל און איהר ווידער נעהייסען קוקען אין בוך. אין דיזען פאל האָט דאָס קינד געאורטיילט, באגרינדענדיג זיך אויף ערפאהרונג, אז זי קאָן נאָר שפּיעלען מיט דעם שפּיי־קעסטעל, ווען די מוטער זעהט ניט; זי האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי זי וועט שפּיעלען ווען די מוטער וועט זיך פארקוקען, און זי האָט באשלאָסען צו עררייכען איהר צוועק דורך דעם, וואָס זי וועט באוועגען די מוטער צו קוקען אין בוך אנשטאט קוקען אויף איהר שפּיעל.

די לעצטע צוויי אייגענשאפטען, אורטיילען און באשליסען זיינען פון העכסטער וויכטיגקייט פאר דעם מענשענס זעלבסטשטענדינקייט, און עס איז דערפאר כדי צו געבען דעם קינד אלע מעגליכקייטען דיזע מעלות צו ענטוויקלען. געגוויע־רעם ווענען דיזער פראגע אין די קאפּיטלען „דער ווילען“ און „פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט“.

## צוויי זייטען פון דעם מענשען'ס ווילען.

דער מענשליכער ווילען דריקט זיך אויס אויף צוויי אופנים. ערשטענס דורך **ט א ט ע ן**, צווייטענס דורך **צ ו ר י ק־ה א ל ט ע ן ז י ך** פון באשטימטע טאטען.

ווי שטארק עס זאל ניט זיין איינעמס **פ א ר ל א נ ג** צו טאן א געוויסע זאך, אויב ער טוט עס **נ י ט**, קענען מיר אין דעם פארלאנג אליין ניט ארויסזעהן קיין אויסדרוק פון **ו ו י ל ע ן**. איהר האט למשל אן אומגליקליכען פריינד. אום דעם פריינד צו העלפען דארפט איהר מקריב זיין אייער אייגענע באקוועמליכקייטען. איהר האלט עס פאר מענשליך און ריכטיג צו ברייננען דעם קרבן, איהר האט א פארלאנג צו האנדלען לויט ווי איהר האלט פאר ריכטיג און דאך טוט איהר עס ניט. דאס הייסט, אז איהר האט א שוואכע ווילענס־קראפט, איהר זייט ניט בכוח צו טאן דאס, וואס איהר וואלט לויט אייער איבערצייגונג געדארפט טאן. אדער, לאמיר זאגען, אימיצער באליידיגט אייך. איהר פיהלט, אז דאס בעסטע איז צוריקווארפען די באליידיגונג, צו ענטפערן אין א שאר־פען טאן, און דאך שטעהט איהר א פארלוירענער און שווייגט. אייער אבזיכט איז גוט, אבער אייך פעהלט דער שטארקער ווילען דאס דורכצופיהרען. מען זאגט אז „דער וועג צום גהינום איז געפלאסטערט מיט גוטע אבזיכטען". גוטע אבזיכטען אליין קענען אלזא קיין נוטס ניט ברענגען. דערצו זיינען נויטיג די **ט א ט ע ן**, דער אויסדרוק פון דעם מענשליכען **ו ו י ל ע ן**.

פון דער אנדערער זייט קומט אויס, אז וואס שטארקער ס'איז א מענשענס ווילען, אלץ מעהר קען ער זיך **צ ו ר י ק ה א ל ט ע ן** פון טאן וואס מ'דארף ניט, ער קען זיך קאנטראלירען. ווען איינער

ווערט אָפט איינגערעגט און ווייזט עס אַרויס, הגם ער ווייסט, אז מען דאַרף עס ניט טאָן, איז עס א סימן פון שוואַכען ווילען. ער קען זיך ניט צוריקהאַלטען פון א אימפולסיווער טאַט. ווי ער האָט באַקומען דעם אינערליכען אָנשטויס אַרויסצוגיסען זיין צאָרן, האָט ער עס געטאָן, טראָץ דעם וואָס ער ווייסט, אז עס וועט איהם באַנג טאָן. עס פ ע ה ל ט איהם די שטאַרקע ווילענס־קראַפט צו קענען קאָנטראָלירען זיינע אימפולסען.

## דער ווילען ביי'ם יונגען קינד.

דער טייל פון ווילען וואָס דריקט זיך אויס דורך טאַט באַווייזט זיך ביים קינד זעהר פריה. שוין דאַן ווען עס ווייזט אַרויס, אז עס ציהט פאַר איין שפּיעלכעל צום צווייטען, און כאַפּט זיך צו דעם שפּיעלכעל ניט ווייל עס איז גראַד אין זיין ווענ, נאָר ווייל עס געפעלט איהם בעסער פון די אנדערע, פיהרט עס דורך זיין ווילען.

דער ווילען ניט צו טאָן, צוריקצוהאַלטען זיך פון א טאַט באַווייזט זיך ביים קינד באַזונדער שטאַרק דאַן, ווען עס קען קאָנ־טראָלירען זיינע מוסקולען ניט צו לאָזען קיין וואַסער און ניט צו האָבען קיין שטולגאַנג. דאָך זיינען פאַראַן פיעלע קינדער, וואָס וואַרשפּעטיגען זיך אין דיזער הינזיכט, אָבוואָהל זייער ווילען איז שוין גאַנץ שטאַרק אין אנדערע הינזיכטען. אויך זיינען פאַראַן אַזעלכע וואָס האַלטען זיך ריין זעהר יונג, ווערענד אין אנדערע הינזיכטען איז זייער ווילען שוואַך. דאָס האָט פיעל צו טאָן מיט דעם ווי מען ענטוויקעלט דעם קינד'ס געוואוינהייט, ווען עס איז נאָך נאָר יונג. יעדענפאַלס פאָדערט זיך ביים קינד א באַדייטענדע ווילענס־קראַפט צו קענען זיך קאָנטראָלירען אויף אַזא אופן.

אין אַלגעמיין איז א קינד'ס ווילען ניט זעהר שטאַרק, באַזונ־דער אין דעם טייל, וואָס האָט צו טאָן מיט צוריקהאַלטען זיך. קינ־דער וויינען לייכט, זיי לאַכען לייכט, זיי ווערען שנעל אין כעס און בעטען זיך שנעל איבער. עס איז זיי גאַנץ שווער צו באַהערשען זייערע אימפולסען.

אויך קען א קינד לייכט ווערען באַאיינפלוסט, עס איז איהם גרינג אַרייסצופיהרען אויף באַזונדערע געדאַנקען, אָדער טאַטען.

ווי איהר וועט זיך נעמען פאר עפּעס אַן ארבייט אָדער עפּעס א שפּיעל וועט עס גלייך נאָכטאָן. ברענגט איהר א קינד אריין אין א נייער אומגעבונג, זעהט איהר באלד דעם איינפלוס וואָס די אומ־געבונג האָט אויף איהם. ווי איהר קלייבט זיך אריבער אין א נייעם געגענד, כאפּט דאָס קינד די מדות פון די קינדער פון יענעם געגענד. דעם קינדס ווילען איז צו שוואך צו ווידערשטעהן דעם איינפלוס און דער געזעלשאפטליכער מיינונג פון די אנדערע קינ־דער, און עס ווערט עהנליך צו די איבריגע. פיעלע מוטערס ווייסען וויפיעל יסורים זייער איננעלע האָט, אויב ער איז ווייכער אין זיין באנעהמונג פון די אנדערע אינגלאך; אדער ער זעהט אויס שענער, אויסגעפּוצטער און מען רופט איהם אין גאס, מיידעל, „סיסי“. און פונקט אזוי פיעל ליידט דאָס מיידעלע, אויב זי טראָגט ראָמפּערס און מען רופט איהר איינגעל. רק זיי ווילען זיין ווי אנדערע, די שוואכע באשעפעניש'לאך. אום צו זיין אָריגינעל, אנדערש פון די ארומיגע פאָדערט זיך א שטארקע ווילענס־קראפט, וועלכע זיי בא־זיצען נאָך ניט.

## ווילען און עקשנות.

נאָך א שוואכקייט פון קינדס ווילען איז אָפט זיין איינגע־שפּארטקייט, זיין ע ק ש נ ו ת. ווען איינער איז זיכער, אז ער טוט ריכטיג און לאָזט זיך פון וועג ניט אראָפּפיהרען, איז עס אַן אויסדרוק פון ווילען. אויף אזא מענשען, זאָגען מיר, אז ער האָט א שטארקען כאראקטער, ער לאָזט זיך ניט איינריידען. ווען אָבער איינער ווייסט, אז ער טוט ניט ריכטיג, און האָט ניט קיין ארגו־מענטען צו פארענטפערען זיין טאט, און דאָך באשטעהט ער אויף זיינעם, און טוט, ווי ער האָט געטאָן, רופען מיר איהם אַן עקשן. עקשנות און א שוואכקייט, א שוואכקייט פון ווילען דורכצופיהרען דאָס, וואָס מען רעכענט פאר ריכטיג אָדער צוריקהאלטען זיך פון דאָס, וואָס לויט דער איינענער איבערצייגונג איז ניט ריכטיג. צום ביישפּיעל, דאָס קינד האָט זיך פאראינטערעסירט אין א שפּיעל און עס וויל נאָך ניט געהן שלאָפען. איהר רופט עס, איהר בעט עס, און דאָך וויל עס ניט הערען און זעצט זיך פאָר די שפּיעל

מיט גרויס אינטערעס. דאָס קינד אין דעם פאַל וויל אַזוי די שפּיעל, עס איז אַזוי פּאַראינטערעסירט, אַז עס פיהלט גאָר ניט קיין שלעפּערדיגקייט; זיין ווילען צו דער שפּיעל קעמפט געגען דער מוטערס ווילען צו לעגען איהם שלאָפען. וואָס א שטארקע־רען ווילען דאָס קינד באזיצט, אַלץ לענגער וועט עס אויפהאלטען דעם קאַמף.

מאַכט זיך אָבער אָפט אַז אַ קינד איז מיעד און שלעפּערדיג, עס איז מיט גאָרניט פאַרנומען און דאָך „האקט עס און בראָקט עס" וויל עס ניט געהן שלאָפען. עס וויינט, עס איז קאַפּריזנע, און דאָך איז איהם שווער איינצורעדען, עס זאָל זיך געהן לעגען. דאָס איז ריינע עקשנות, אויף להכעיס אי זיך אי דער מאמען. און וואָס נערוועזער, וואָס אָפּגעשוואַכטער דאָס קינד איז, אַלץ מעהר איז עס אין אַזאַ פאַל פאַר'עקשן'ט. ווייסען ווייסט עס טאַקע, אַז עס האַנדעלט ניט ריכטיג, נאָר עס פעהלט דער ווילען צו נעמען זיך אין די הענט אריין.

אָפט קענען עלטערען ניט אורטיילען ווען דאָס קינד דריקט אוים זיין ווילען און ווען עס איז פאַר'עקשן'ט, ווייל זיי זיינען אימער גענייגט צו רעכענען זיך פאַר גערעכט און דאָס קינד פאַר אומגערעכט; דערפאַר הייסט עס מעהרסטענס, אַז דאָס קינד פאָלגט ניט, ווייל עס האָט זיך פאַר'עקשן'ט. די גרעסטע אונגע־רעכטיגקייטען צום קינד קומען פאָר אויף דיזען געביעט. פאָלגענ־דע ביישפּיעלען וועלען קלאָרער מאכען דעם זין פון דער בא־הויפּטונג.

מ. איז נעווען אַ איינגעל פון א יאָהר אכט. ער איז געוועזן פון די איינגלעך, מיט וועלכע עס איז שווער צו האנדלען. נאָר זיי באַשטעהען אויף זייערען און פון פאָלגען אַן עלטערען ווילען זיי ניט הערען. איין מאָל האָט דער איינגעל אהיים געבראַכט מיט זיך אַן אורח צו מיטאָג. ער איז געקומען פון שול אָפּעסען, און נאָך איהם איז אריינגעקומען א צופודעלטער, ניט איבריג זויבערער הונט.

— וואו האָסט דו געקראַגען דעם שעהנעם חבר? — פרעגט די מוטער.

— ער איז נעלאַנאַן לעבען היז, איך האָב געזעהן אַז ער איז

פארהונגערט, האָב איך איהם ארויפגעבראכט אָפּעסען מיט מיר אינאיינעם.

— טרייב שוין ארויס דעם הונט, וואָס זיך איין און זעץ זיך עסען, — האָט באַפוילען די מוטער.

— איך וויל עסען מיט'ן הונט אינאיינעם.

— איך וויל ניט האָבען אָט די שמוציגע חיה ביי מיר אין הויז, טרייב איהם שוין ארויס און געה עסען. ווען דו וועסט אָפּעסען, וועסט דו איהם ארויסטראָגען וואָס עס וועט איבער־בלייבען.

— איך וויל ניט עסען, אויב דו וועסט איהם ניט לאָזען עסען גלייך מיט מיר.

— ניין, דאָס פּיהרסט דו ניט אויס ביי מיר, עקשן פינסטערער.

דער איינגעל האָט א כאַפּ געטהאָן א שטיקעל ברויט פון טיש און איז ארויס מיט דעם הונט אינאיינעם.

אין איינציגע מינוטען ארום, ווען מען איז ארויסגעקומען איהם זוכען, איז ער געזעסען לעבען הונט און געוויינט. דאָס ברויט האָט ער אוועקגעגעבען זיין נייעם פריינד. ער האָט בשום אופן ניט געוואָלט אריינגעהן עסען און א פארהונגערטער איז ער אוועק אין שולע.

וויפיעל שטארקייט עס האָט זיך געפאָדערט צו קאָנטראָלירען

אייגענעם הונגער אום צו באַשיצען און אנקאָרמענען דעם הונגעריגען הונט! וויפיעל ווילענס־קראַפט עס האָט זיך אויס־געדריקט אין דעם אוועקגעהן אין שול ניט געגעסען, אום צו פּראָ־טעסטירען פאר זיין באליידיגטען שטאָלץ!

און דאָך וויפיעל אזעלכע טאַטען ווערען באטראכט אַלס עקשנות, איינגעשפּארטקייט.

ל.. איז געווען א דריי־יעהריגע מיידעלע. זי איז געזעסען אויפ'ן דיל און „געצייכענט" מיט א בלייסטיפט אויף א שטיקעל פּאַפּיער. עס איז געווען זונטאג בייטאָג און די פאמיליע האָט גע־דארפט געהן צו באזוך. טאַטע־מאַמע זיינען שוין געווען גרייט צום געהן. זיי האָבען דאָס קינד א פּאָר מאָל גערופען, זי איז אָבער ניט געקומען. די מוטער האָט זי א נעם געטהאָן אויף די הענט און מיט געוואלד גענומען זיך ארויפציהען אויף איהר די בגדים.

דאָס קינד האָט זיך געוואָרפען, געשריען, אַז זי וויל ניט געהן. די עלטערען האָבען זיך דורכגערעדט וועגען דעם, ווי שווער עס איז מיט'ן קינד צו האנדלען.

„זי וואקסט אַ שרעקליכער עקשן. זי האָט אימער ליעב צו געהן אין גאַס, נאָר גראד ווייל מיר ווילען זי זאָל געהן, וויל זי אויף להכעיס בלייבען אין הויז".

דאָס קינד איז אַרויס אין גאַס און האָט זיך אַביסעל צו־שטרייעט. זי איז געוואָרען פרעהליכער. איידער מען איז אַרויף צו באַזוכען די פריינד, האָט זיך דער פאטער נענומען פרעדיגען.

— זעהסט, ווי גוט עס איז צו זיין אַ גוט מיידעלע און פאָלגען די מאַמע מיט'ן טאַטען. ווען דו געהסט ניט, האָסט דו ניט די אַלע פארגעניגען, וואָס דו האָסט געהאט אויפ'ן וועג. און יעצט וועסט דו ערשט זעהן, וואָס פאַר אַ גוטע זאכען דו וועסט דאָרט באַקומען. דו וועסט מעהר ניט זיין קיין עקשן? דו וועסט טאָן וואָס די מאַמע וועט הייסען?

— זי האָט מיך ניט געלאָזט ענדיגען דאָס הויז וואָס איך האָב געמאכט מיט'ן בליישטיפט, — איז געווען דער ענטפער.

דאָס קינד האָט געהאלטען אין צייכנען אַ הויז, מען האָט צושטערט איהר אַרבייט, מען האָט איהר ניט געלאָזט עררייכען איהר צוועק. זי האָט נענען דעם פּראָטעסטירט. דערפאַר האָט מען זי ערקלערט פאר אַן עקשן.

די צוויי ציטירטע פעלע זיינען אַזעלכע וואו די קינדער האָבען געוואָלט דורכפיהרען זייערע אינערליכע שטרעבונגען און האָבען זיך פון קיינעם ניט געלאָזט אָפּהאַלטען אָהן אַ פּראָטעסט. זיי האָבען אַלזאָ ניט געלאָזט ברעכען זייער ווילען.

עקשנות האָט אָבער ניט צו טאָן ניט מיט קיין אינערליכע שטרעבונגען און ניט מיט קיין אמת'ע איבערציינונגען. אַן עקשן באַשטעהט אויף זיינעם אויסשליסליך דערפאַר, וואָס ער וויל טאָן פונקט פאַרקערט ווי דער צווייטער זאָגט. עס פעהלט איהם דער ווילען צו טאָן וואָס איז ריכטיג, ניט קוקענדיג דאַרויף ווער עס זאָגט עס, צו ער, צו דער צווייטער.

אָפט באַקומט אַ קינד אַ פארלאנג צו רייצען זיך, צו טאָן להכעיס. ווען מען שענקט דערצו ניט קיין אויפמערקזאמקייט,

נעהמט דאָס געוועהנליך פּאָראיבער, אָדער עס פארוואנדעלט זיך אין א שפּאַס, א שפּיעל. די זעלבע מדה קען זיך פארוואנדלען אין עקשנות, ווען מען שפּארט זיך מיט'ן קינד, מען נעמט זיך מיט איהם ארגומענטירען און איהם דערווייזען ווער עס איז עלטער. די הויפּט אורזאכע אָבער פארוואָס ביים קינד ענטוויקעלט זיך עקשנות איז, ווייל מען לאָזט איהם ניט דורכפיהרען זיין ווילען, מען לאָזט זיין ווילען זיך ניט ענטוויקלען.

וואָס טוט מען אלזאָ דאָס קינד זאָל האָבען די פולע מעגליכ־קייט צו ענטוויקלען זיין ווילען?

## ענטוויקלונג פון ווילען.

יעדער טייל פון מענשליכען קערפּער מוז זיך איבען אין די פונקציעס, פאר וועלכע ער איז געבוירען אום צו זיין שטארק און ענטוויקעלט. ווען איהר זאָלט א געזונטע האנט פארבינדען אזוי, אז זי זאָל זיך א לאנגע צייט ניט קענען ריהרען וועט זי מוזען ווערען אָפּגעשוואכט. און פּונקט ווי מיט דעם קערפּער אזוי איז מיט דעם מענשליכען גייסט. פאר א דורכשניטליכען פּערזאָן, וואס האָט קיין מאָל נאָר ניט געלערענט, איז פיעל שווערער אויסצולערנען זיך א פּאָר ווערטער פון א פרעמדער שפּראך, ווי פאר א דורכשניטליכען ציוויליזירטען מענשען. ביידע זיינען געבוירען געוואָרען מיט די זעלבע פעהיגקייטען, נאָר איינער האָט זיך געאיבט אין שטודירען, און דער צווייטער ניט. אָדער נעמען מיר אן אנדער ביישפּיעל, א גוטע שטימע. שוין געוויס א געבוירענע זאך, „גאָט'ס מתנה". דאך מוז די שטימע ווערען געאיבט אום צו עררייכען איהר פאָלקאָ־מענהייט. ווען ניט קלינגט זי רויה, ניט ענטוויקעלט.

און אזוי ווי אין די אלע אויסגערעכענטע ביישפּיעלען אזוי איז אויך מיט דעם קינדס ווילען. אום זיך צו פארשטארקען, אום זיך צו פארפאָלקאָמען מוז ער האָבען גענוג איבונג. די איבונגען דאר־פען זיין איןביידע הינזיכטען, סיי אין טאטען, סיי אין צוריקהאלטען זיך פון געוויסע טאטען.

איבונגען אין ווילען מוזען אָבער דורכאויס פאָרקומען אונטער פ ר י י ע   ב א ד י נ ג ו נ ג ע ן. ווען מען צווינגט דאָס קינד

צוריקצוהאלטען זיך פון געוויסע טאטען, איז דאס ניט קיין פרייע איבונג אין צוריקהאלטען זיך, דאס איז א פארנוואלדיגונג פון זיין ווילען. אום דאס קינד זאל קענען פריי ענטוויקלען זיין ווילענס־קראפט דארף עם ערשטענס האבען אזא א ו מ ג ע ב ו נ ג, אז עס זאל זיך איהם ווען טאן זאכען, וואס זיינען גוט פאר איהם, אנשטאט צו טאן זאכען, פון וועלכע עס קומט אוים איהם אפט צוריקצוהאלטען. צווייטענס דארף עס באקומען וואס ו ו ע נ י־ נ ע ר ב א פ ע ה ל ע ן אדער אנווייזונגען וואס צו טאן. עס דארף אליין א ו ר ט י י ל ע ן און ב א ש ל י ס ע ן וואס צו טאן. עס דארף האנדלען ז ע ל ב ס ט ש ט ע נ ד י ג. קוקט זיך למשל צו צו א גרופע קינדער, וואס שפיעלען זיך זומער אויפ'ן ברעג פון ים אנגעטאן אין זייערע באד־קליידער. די קינדער האבען גענוג פלאץ און פרייהייט צו באוועגען זיך, ווי זיי ווילען. די מאמעס האבען קיין מורא ניט, אז די קינדערס קליידער וועלען זיך איינ־שמוצען. זיי דארפען זיך אויך ניט שרעקען, אז א וואגען וועט זיי איבערפאהרען, אז אטאמאביל וועט אנלויפען, אדער אז וועלכער אנדערער אומגליק, וואס קען טרעפען אין גאס וועט טרעפען ביים ים. די זאמד מיט די שטיינדלאך און די פארשיידענע ראקא־ווינעס פאראינטערעסירען די קינדער. עס ענטוויקלען זיך ביי זיי אלערליי פלענער, ווי אזוי צו ארבייטען מיט דיזע אנציהענדע מא־טעריאלען. די אלע באדינגונגען שאפען אזא אומגעבונג, אז דאס קינד קען פריי און אונגעשטערט א י ב ע ן ז י י ן ו ו י־ ל ע ן. עס קען אליין א ו ר ט י י ל ע ן, א ו י ס ק ל י י ב ע ן און ב א ש ל י ס ע ן וואס צו טאן. עס קען האנדלען ווי עס וויל און דערביי ניט אפט ערוועקען דער מוטערס צארן.

עס זיינען אויך דא גענוג באדינגונגען, וואס מאכען נויטיג פאר דעם קינד, אז עס זאל זיך צוריקהאלטען פון טאן געוויסע זאכען. ערשטענס, דער ים אליין, ער לאקט, ער ציהט און דאך טאר מען ניט גאר ניט לאנג און דאס קינד פארשטעהט, אז מען טאר צו טיעף ניט געהן, מען מוז זיך קאנטראלירען און בלייבען נאהענט צום ברעג. דאן זיינען פאראן די אנדערע קינדער, צו וועלכע מען מוז זיך צופאסען. דא טאר מען ניט ווארפען קיין זאמד אין דער לופט, ווייל עס שטערט דעם צווייטען קינד, און דאס צווייטע קינד

איז קיין בעלן ניט מען זאָל איהם שטערען. דאָ טאָר מען קיין
טונעל ניט בויען, ווייל די אַנדערע קינדער האָבען גראַד אויף יענעם
אָרט אויסגעשטעלט זייער זאַמד־פּאַלאַץ. מען מוז זיך אַלזאָ צוריק־
האַלטען פון טאָן געוויסע זאַכען, ווייל דאָס שטערט די אַנדערע.
עס מיינט אָבער ניט, אַז מען איז געצוואונגען זיך צו לאַנגווייליגען
און טראַכטען מיט פאַרדרוס, צו אימיצער שטערט, אַז אָהן יענעם
אימעצען וואָלט זיך בעסער געלעבט. עס איז דאָ גענוג פּלאַץ, גענוג
רויהער מאַטעריאַל, גענוג נאַטירליכע קראַפט צו שאַפען די נויטיגע
שטימונג. געה, מיין קינד, לעב, שפּיעל און זיי גליקליך. צוריק־
געהאַלטען זיך פון איין טאַט, געאיבט דעם ווילען אויף אַזאַ אופן,
און שוין איז דאָ דער פאַרלאַנג און די מעגליכקייט צו טאָן עפּעס
אַנדערש, צו איבען דעם ווילען דורך טאַט.

אויב נאָר די מאַמעס זיינען ניט צו נערוועז און האָבען ניט די
מנהג צו טשעפּען זיך צום קינד אויף יעדען שריט און טריט, דער־
ציהלען זיי געוועהנליך, אַז ביים ים לעבען זיי אָפּ. די קינדער זיינען
דאָרט בעסער, רוהיגער. עס געהען אָפּט טעג אַוועק און מען פאַר־
געסט גאָר צו מען האָט אַ קינד; עס שפּיעלט זיך, עס האָט ווע ני־
גער קאַפּריזען, וועניגער עקשנות און מען דאַרף אויף איהם אויך
וועניגער אויפּפּאַסען ווי אין שטאָט.

נעמט מען אָבער דאָס זעלבע קינד מיט דער זעלבער מאַמע
אין אַן ענגער אָרימער היים אין שטאָט. אין הויז איז היים, שטי־
קעניג, מען קען זיך קיין אָרט ניט געפינען. דאָס קינד פיהלט זיך
ניט באַקוועם, עס טוט אָפּט אַזוינע זאַכען, וואָס שטערען די אַרו־
מיגע. צווינגט מען עס ניט צו שטערען, האָט עס אָבער ניט קיין
אַנדער טעטיגקייט, וואָס זאָל איהם פאַראינטערעסירען. ווערט עס
קאַפּריזנע, פאַר'עקשנ'ט זיך אויף יעדען שריט און טריט, טוט אַלץ
להכעיס. געהט מען אַראָפּ אין גאַס, איז היים, שטויביג, שמוציג.
דאָס קינד וויל זיך שפּיעלען, האָט עס ניט וואו. וואַרפט עס אַ
פּילקע, וועט עס טרעפען אין אַ פענסטער, וואַרפט עס אַ שטיינדעל
וועט עס טרעפען אַ פאַרבייגעהער. וויל עס זיך צוריקהאַלטען פון
דעם סאָרט שפּיעל, האָט עס אָבער קיין אַנדער זאַך ניט וואָס צו
טאָן. די מאַמע לאָזט עס פריי, געה טו וואָס דו ווילסט. עס
האָט אָבער ניט די אומגעבונג, וואָס זאָל מאַכען מעגליך פאַר איהם

צו מאַן וואָס איז גוט און נוצליך און דערביי האָבען פון דעם פאָר־
נעגינען. דאָס קינד איז געשטערט אין דורכפיהרען זיין ווילען.
עס ווערט שוואַך, נערוועז, עקשנות'דיג, נייגטיג מאַרקריפעלט.

און דער ביישפיעל האַלט גוט ניט נאָר פאַר דעם אָרימען
קינד. עס זיינען פאַראַן פיעלע קינדער אין פאַרמעגליכע היימען,
וועלכע האָבען פונקט אַזוי ווייניג פרייהייט ווי דאָס אָרימע קינד
אויף דער שמוציגער גאַס. דאכט זיך אין דרויסען, אויף דער
לופט און דאַך גייסטיג געפאנגען, געפענטעט, ניטאָ קיין מעגליכ־
קייט פאַר פרייעם אויסדרוק, פאַר פרייער שפיעל פון ווילען. פונקט
אַזוי אין יענע היימען. דאכט זיך אַלעס איז דאָ, גרויסע ריינע
צימערען, שעהנע מעבעל, גוטע קאַוויאַרען, און ז. וו. אָבער דאָס
אַלעס איז צוגעפאסט פאַר די גרויסע, ניטאָ קיין ווינקעל, וואו דאָס
קינד קען באַפרידיגען ז י י נ ע גייסטיגע שטרעבונגען. עס
פעהלט דעם קינד'ס אומגעבונג, עס פעהלען די מאַטעריאַלען, וואס
זאָלען דאָס קינד פאַראינטערעסירען, וואָס זאָלען איהם צושמידען
צו עפּעס אַ שטיקעל אַרבייט. און דערצו שטערען אַזוי די ארו־
מיגע. דאָס ניט טו, דאָ ניט שטעל, דאָ ניט לעג, אָדער פאַרקערט,
טו גראד אַזוי און אַזוי, זיין פונקט ווי איך הייס דיר, שטעה פונקט
ווי איך באַפעהל. אונטער אַזעלכע באַדינגונגען האָט דער ווילען
ניט קיין פרייעם אויסדרוק.

די אָרומיגע פאַרשטעהען ניט, מען וואונדערט זיך, פאַרוואָס
איז דאָס קינד אַזוי שלעכט, אַזוי פאַר'עקשנ'ט, פאַרוואָס איז
עס ניט פריימוטיג, פאַרוואָס איז איהם אַזוי שווער זיך צו קאָנטראָ־
לירען? ניטאָ דער ברעג פון ים, ניטאָ די זאמד מיט די שעהנע
קאָלירטע שטיינדעלאַך, ניטאָ די מוזיק און די שעהנקייט פון די רוי־
שענדע וועלען, ניטאָ דאָס, וואָס מאכט מעגליך פאַר דעם קינד פריי
און אונגעשטערט צו איבען זיין ווילען, צו שטאַרקען זיין כאַראַקטער.

פאַרשטעהט זיך אַז דער ברעג פון ים אין אַ הייסען זומערדיגען
טאָג איז נאָר גענומען פאַר אַ ביישפיעל, ווייל דאָרט האָט די נאַטור
אַליין צוגעגרייט די אומגעבונג אָהן וועמעס עס איז זייטיגע חכמות.
פונקט אַזאַ אינטערעסאַנטע און זאָגאַר אַ מעהר ווירקונגספולע אומ־
געבונג קען צוגעגרייט ווערען פאַר דעם קינד אין שטאָדט און זאָגאַר
אין קינדס היים. צו דעם פאָדערען זיך אָבער אַ פּאָר קליינינקיי־

טען, וועלכע ניט אַלע קינדער פאַרמאגען גראד. דאָס זיינען, ער־שטענס, אינטעליגענטע עלטערען, צווייטענס, גוטע מאַטעריעלע באַדינגונגען. דריטענס, מוזען די אינטעליגענטע, מאַטעריעל פאַרזאָרגטע עלטערען באַזודער פאָרשען און גוט פאַרשטעהן זייער קינד'ס פּסיכאָלאָגיע און זיי מוזען באַזיצען סיי דאָס געדולד, סיי די ענערגיע צוצופּאַסען דעם קינד'ס אומגעבונג פונקט צו זיינע אינדי־ווידועלע פּסיכאָלאָגישע פאָדערונגען. איין קינד, זאָגען מיר, וועט פאָדערען מעהר מעגליכקייט צו איבען זיין ווילען דורך פיזי־שער ארבייט, און אַן אנדער קינד וועט געפינען מעהר באַפרידיגונג אין גייסטיגער טעטיגקייט.

אַן אַלגעמיינער כלל, וואָס קען אָנגענומען ווערען פאר אַלע קינדער איז, אַז זיי מוזען האָבען וואָס מעהר מעגליכקייטען צו טאָן זאַכען זעלבסטשטענדיג, אָהן דער אריינמישונג פון ערוואקסענע. עסען אַליין, אָנטאָן זיך אַליין, אַליין זיך נעמען אַלעס וואָס מען דאַרף, אַליין זיך שפּיעלען, אַליין טאָן פאַרשיידענע ארבייטען, מיט איין וואָרט, ווי ווייט די עלטער און די כוחות ערלויבען שטעהן אויף אייגענע פיס. אונטער אַזעלכע אומשטענדען וועט דאָס קינד האָבען די מעגליכקייט אַליין צו אויסטיילען, באַשלי־סען און אויסקלייבען וואָס צו טאָן, און זיין ווילען וועט דורך דעם ווערען געשטארקט.

## די ראָל פון געוואוינהייט אין מענשען'ס האַנדלונגען.

„געוואוינהייט איז די צווייטע נאַטור“, זאָגט מען אַ גלייכ־ווערטעל, און זעהר פיעל אין מענשען'ס לעבען הענגט אָפּ פון זיינע געוואוינהייטען. וויפיעל מענשליכע לעבענס ווערען רואינירט דורך שלעכטע געוואוינהייטען, ווי שכרות, קאָרטען־שפּיעלען, און ד. גל. און דערביי ווען אַ געוואוינהייט פלאַנצט זיך איין אין אַ מענשען, איז פון איהר גיט פּטור צו ווערען. דערפון שטאַמט טאַקע מסתמא דאָס גלייכווערטעל, אַז „געוואוינהייט איז די צווייטע נאַטור“. געוואוינהייטען לאָזען אין אונז אַזוינע טיעפע וואָרצלען אַז עס איז זיך פון זיי כמעט אַזוי שווער צו באַפרייען ווי פון דער נאַטור אליין. אַ געבוירענער נאַר וועט קיין מאָל קלוג ניט ווערען, און איינער וואָס ווערט שכור דורך געוואוינהייט קאָן זיך פון זיין שכרות זעלטען באַפרייען. און באַפרייט ער זיך פון איהר, מוז ער זיך שטאַרק היטען פאַר דער געזעלשאַפט פון שכורים. ווייל ער איז אימער אין געפאַהר, אַז ווי ער וועט זיך נאָר געפינען צווי־שען שכורים, וועט ער צוריק פאַרשקלאַפט ווערען צום טייוועל פון טרונק. פאַרשטעהט זיך אַז וועהרענד פון אַ נאַטירליכער איינגענ־שאַפט באַפרייט מען זיך קיין מאָל ניט, ווערט מען דאָך אַמאָל אויסגעקורירט פון אַ געוואוינהייט און דערפאַר איז עס טאַקע די געוואוינהייט נאָר אַ צווייטע נאַטור, און ניט גלייך מיט דער נאַטור.

פונקט ווי אַ שלעכטע געוואוינהייט ווערט כמעט נאַטירליך, אַזוי איז עס אויך מיט גוטע געוואוינהייטען. פאַראַן אַ שטיינער מענשען מיט שעהנע מאַנערען; זיי זיצען שעהן ביים טיש, זיי עסען שעהן, זיי באַנעמען זיך העפליך, און דאָס קאָסט זיי גאָר קיין באַמיהונג ניט. אַזוי זיינען זיי געוואוינט צו טאָן און

אזוי טוען זיי. זיי פארטראכטען זיך אפילו אויף קיין רגע ניט צי מען דארף עס אזוי צי ניט. עס קומט שוין צו זיי נאטירליך. פאַר־סירט אָבער אז א מענש פון א קרייז, וואו גוטע מאַנערען זיינען ניט אזא אָנגענומענער מנהג, קומט אריין אין דער געזעלשאפט פון וואויל־ערצויגענע מענשען. זייער באַנעמונג געפעלט איהם, און ער וויל זיי אויך געפעלען. ער באַשליכט דערפאר אז ער מוז זיך אויסלערנען ריידען ווי זיי, עסען ווי זיי, געהן ווי זיי, מיט איין וואָרט, ער מוז ווערען, ווי דער דייטש זאָגט „צירליך, מאַנירליך". דער מענש איז א פעהיגער, א אינטעליגענטער און אויבערפלעכליך זעהט עס אויס, אז אבי ער האָט באַשלאָסען אזוי צו זיין, איז — איינס־צוויי, און ער ווערט עס. אָבער, אז עס קומט צו עפּעס, הויבט עס זיך גאָרניט אָן. אויף יעדען שריט און טריט פארגעסט ער זיינע גוטע מאַנערען. דאָ כאפּט ער זיך, אז ער רעדט צו הויך; דאָ האָט ער א צווייטען איבערגעשלאָגען די רייד; דאָ האָט ער זיך צוערשט אריינגעלעגט א שטיקעל צוקער אין דער טעע, אנשטאָט צוערשט צו דערלאנגען די צוקער פושקע די איבריגע געסט ביים טיש. עס איז גאָר קיין ענדע ניט צו די „זינד", וועלכע קלייבען זיך אָן אויף זיין געוויסען, און ניט חלילה, ווייל ער ווייסט ניט, ווי מען דארף האנדלען, נאָר ווייל עס איז פאר איהם נאָך ניט נאַטירליך אזוי צו האנדלען, ער איז ניט **געוואוינט** דערצו. ביי איינעם נעמט עס יאָהרען לאנג, איידער ער געוואוינט זיך צו, און א צווייטער שטארבט טאקע אָן עם הארץ, ווי פיעל ער זאָל זיך ניט לערנען פון אנדערע. עס קלעבט זיך ניט, כאָטש צוריים זיך.

## געוואוינהייט און בילדונג.

א חוץ וואָס די געוואוינהייט פארנעמט אין אלגעמיין אזא וויכטיגען אָרט אין מענשליכען לעבען, שפּילט זי אויף א גרויסע און וויכטיגע ראָלע אין בילדונג. א סך למודים באַשטעהען הויפּט־זעכליך פון ווידערהאָלען געוויסע איבונגען אזוי לאנג, ביז מיר **געוואוינען** זיך טאָן א באַשטימטע זאך אויף א באַשטימ־טען אופן. צום ביישפּיל, שרייבען אויף דער שרייב־מאַשין הענגט גרעסטענטיילס אָפּ פון געוואוינהייט. מען איבט זיך אזוי פיעל אין

קלאפן מיט די פינגער איבער די בוכשטאבען און געפינען יעדען בוכשטאב אויף א געוויסען פלאץ, אז דער מאשין־שרייבער דארף שוין גאר ניט זוכען די בוכשטאבען. זיינע פינגער „קוקען“. ווי ער פארטראכט נאר א ווארט, פליהען שוין די פינגער געשווינד איבער די נויטיגע בוכשטאבען. די פינגער זיינען א ז ו י ג ע־ ו ו א ו י נ ט צו טאן די ארבייט, אז עס איז פאר זיי נאטירליך צו פאלגען דעם געדאנק אויף א געוויסען אופן.

ווי שווער אונז קומט אן ווען מיר הויבען אן לערנען א נייע זאך, שרייבען, לעזען, טאנצען, שווימען, א. ז. וו. ווי אבער מיר ג ע ו ו א ו י נ ע ן זיך צו טאן די זאך דורך ווידערהאלטע איבונ־גען, ווערט עס פאר אונז גאר לייכט, כמעט נ א ט י ר ל י ך. די אויגען לויפען איבער די בלעטער און לעזען אזוי געשווינד, אז מיר האבען אפט אפילו קיין צייט ניט צו באמערקען, ווען דער זעצער מאכט א טעות און לאזט דורך א בוכשטאב, אדער ער שטעלט אריין אן איבעריגען בוכשטאב. מיר באמערקען מעהר ניט קיין איינ־צעלנע בוכשטאבען, מיר מערקען נאר ווערטער, און פעהלט אמאל א ווארט איז אויך קיין בייז ניט. מיר זיינען שוין אזוי ג ע־ ו ו א ו י נ ט צום בוי פון די פראזען, אז מיר שטעלען אליין אריין דאס ווארט, ניט באמערקענדיג אז עס פעהלט דארט, ווייל עס איז פאר אונז געווארען נ א ט י ר ל י ך צו געברויכען די ווערטער אין א געוויסער ארדנונג און פארבינדונג.

בשעת׳ן שרייבען לויפען די פינגער איבער דעם פאפיר זיך ניט אפשטעלענדיג, און איהר דארפט נאר טראכטען, וואס איהר ווילט שרייבען, אבער ניט וועלכע בוכשטאבען איהר דארפט מאכען. דורך באשטענדיגע איבונגען, דורך ג ע ו ו א ו י נ ה י י ט איז עס געווארען נאטירליך פאר אייך צו שרייבען באשטימטע בוכשטאבען, ווען איהר ווילט צונויפשטעלען באשטימטע ווערטער.

דאס זעלבע איז מיט דער לייכטקייט פון שווימען און טאנצען. דער קערפער האט זיך צ ו ג ע ו ו א ו י נ ט צו מאכען געוויסע באוועגונגען, ווי נאר איהר לעגט זיך אויפ׳ן וואסער, און דאס שווי־מען איז פאר אייך ניט פארבונדען מיט קיין שוועריגקייטען. דער גוטער טאנצער איז לייכט און גראציעז אין זיינע באוועגונגען, ניט טראכטענדיג גאר וועגען דעם, צו ער טאנצט גוט צו ניט. ער

האט זיך דערצו  ג ע ו ו א ו י נ ט,  עס איז פאר איהם געווארען נ א ט י ר ל י ך.

אין בילדען א קליין קינד איז עס פון העכסטער וויכטיגקייט צוצוקלייבען אזעלכע געגענשטאנדען, וואס וועלען ביי איהם ארויס־רופען דעם חשק צו ווידערהאלען א באשטימטע מעטיגקייט פיעלע, פיעלע מאל אזוי, אז עס זאל ענטוויקלען די  ג ע ו ו א ו י נ ה י י ט  צו טאן א באשטימטע זאך אויף א באשטימטען אופן. לאמיר זאגען, מיר ווילען לערנען דאס דריי אדער פיער יעהריגע קינד ציילען. מיר געבען איהם דאן צו ציילען געוויסע געגענשטאנדען, די פינגער פון זיינע הענט, די לעפעל און גאפעל ביים טיש, די מענשען אין הויז, זיינע שפילצייג און אנדערעס. דעם קינדס פארטשריט וועט זעהר פיעל אפהענגען פון דעם, אויף וויפיעל די געגענשטאנדען וועלען איהם פאראינטערעסירען, אז עס זאל נאך אמאל און ווידער אמאל ווידערהאלען די איבונגען, ביז דאס ציילען וועט פאר איהם ווערען  נ א ט י ר ל י ך  דורך  ג ע ו ו א ו י נ־ ה י י ט.

רעכענדיג זיך מיט דער נויטווענדיגקייט פאר ווידערהאלטע איבונגען, ווערען וואס ווייטער צוגעטראכט אלץ מעהר און מעהר ספעציעלע מאטעריאלען וואס זיינען גענוג אנציהענד פאר דעם קינד, אז עס זאל וועלען א סך מאל טאן דיזעלבע זאך, און אויף אזא אופן זיך געוואוינען צו באשטימטע איבונגען. ווען מען ניט דעם קינד קרעלען אדער שטעקאלעך, אדער וואס אנדערס צום ציילען, רעכענט מען זיך מיט דעם קאליר פון די געגענשטאנדען, מיט דער גרויס און מיט אנדערע אייגענשאפטען. אלעס דארף זיין צוציהענד פאר דעם קינד, אלעס דארף ביי איהם ארויסרופען דעם חשק צו געוואוינען זיך טאן די ארבייט.

## דעם קינדס געוואוינהייטען.

און טאקע וויל געוואוינהייט פארנעמט אזא וויכטיגען פלאץ אין דעם מענשענס ענטוויקלונג, אזוי גוט ווי אין זיינע האנדלונגען, מוזען מיר לעגען זעהר פיעל געוויכט אויף דעם קינדס געוואוינהייטען פון געבוירען אן. מיט דעם וואס מיר שטרענגען זיך אן גלייך צו

ענטוויקלען ביי איהם גוטע געוואוינהייטען, מאכען מיר איהם גייסטיג שטארקער און פארלייכטערען פיעל זיין וועג צו ווייטערער ענטוויקלונג.

דאכט זיך, וואס פאר א וויכטיגע ראָל קען דאָס שפּילען, אז מען וויגט אביסעל צו דאָס קליינע קינד ווען עס וויינט. און דאָך, טראכט מען זיך איין, איז ניט שווער צו פארשטעהן, אז דאָס קינד, וואָס איז געוואוינט איינצושלאָפען אליין, ניט זייענדיג אפּהענגיג פון א צווייטענס וויגען אָדער זינגען, איז אויף דיזען קליינינקען געביט שטארקער און זעלבסטשטענדיגער פון דעם קינד, וואָס הענגט אָפּ מיט זיין רוה, ניט נאָר פון זיין אינערליכען פארלאנג צו רוהען נאָר פון א צווייטענס שאָקעל. אָדער נעמט איהר א קינד, וועלכען מען האָט פון פּיצעלע ווייז אָן אין אלעס נאָכגעגעבען, ביים ערשטען געוויין גענומען אויף די הענט, ארומגעטראָגען איבער דער שטוב ; אלע מאָל געגעבען וויגען, ווי עס האָט נאָר אָנגעהויבען וויינען, ארויסגענומען ביינאכט אין א ליכטיגען צימער, וועט איהר באמערקען אז דאָס קינד איז אין פּרט פון זיינע געוואוינהייטען, א גייסטיגער קאליקע. דאָס מענשעלע איז קאפּריזנע, נערוועז און קען זיך אליין קיין אָרט ניט געפינען. עס מוז אויף שריט און טריט אָנקומען צו א צווייטענס הילף און ווען עס וואקסט אונטער און די מוטער הויבט איהם אָן אָפּצוגעוואוינען פון די שלעכטע מדות, ליידט עס אָפּט זעהר פיעל, ווייל ס'איז פּונקט אזוי שווער אָפּצוברעכען א געוואוינהייט ביי א קינד, ווי ביי אן ערוואקסענעם .

אז מען געוואוינט דאָס קינד גלייך פון געבוירען אָן צו עסען נאָר אין א באשטימטער צייט, שלאָפען אין צייט און רוהיג, ניט זיצען פיעל אויף די הענט, זיך שפּילען אליין, וועט עס אויסוואקסען געזונטער, זיינע נערוועז וועלען זיין רוהיגער, און סיי דעם קינד, סיי דער מוטער וועט זיין גרינגער צו לעבען אויף דער וועלט.

מערסטענס נעמען זיך די שלעכטע געוואוינהייטען ביי קליינע קינדער ענטוועדער פון דער מוטערס אונוויסענהייט אָדער פון איהר ווייכהערצינקייט. דאָס פּיצעלע קינד וויינט אָפּט. דאָס איז אייגענטליך דער איינציגער וועג ווי עס קען לאָזען וויסען דער וועלט וועגען זיינע פאָדערונגען. עס וויינט ווען עס וויל עסען,

ווען עס איז נאַס, ווען עס פיהלט וועהטאָג און אמאָל וויינט עס און עס איז אונמעגליך אויסצוגעפינען די אורזאַכע. אָפט פאַר־שאפט דאָס וויינען ניט דעם קינד קיין גרויסע לײדען און עס העלפט איהם פיעל אין דער ענטוויקלונג פון זיינע לונגען. די מוטער כאַפּט דאָס קינד גלייך אויפ'ן האנט און פּרובירט עס באַרו־היגען דורך שאָקלען, טאנצען אָדער געבען די ברוסט. אמאָל גיט זיך איהר איין צו באַרוהיגען דאָס נפש'ל אויף א ווײלע. זי ענטווי־קעלט אין איהם אָבער די געוואוינהייטען פון עסען ניט אין צייט און אריינלאָזען זיך אין אויפרעגענדע פיזישע באַוועגונגען. אזעלכע געוואוינהייטען וועלען פיעל מעהר שאַדען ברייננען דעם קינדס געזונט ווי דאָס וויינען. אז די מוטער טוט עס ניט וויסענדיג, וועלכע רעזולטאַטען דאָס קען ברייננען, קען מען צו איהר קיין טענות ניט האָבען. עס זיינען אָבער פאַראַן מוטערס וואָס האָבען קיין באַגריף וועגען די געזעצען פון קינדער־היגיענע און ווייסען, ווי נויטיג עס איז פאַר דעם קינדס וואוילזיין דיזע געזעצען דורכ־צופיהרען, און דאָך קענען זיי זיך ניט קאָנטראָלירען. דער רחמנות אויפ'ן קינד איז ביי זיי אַזוי שטארק, אז ווי זיי דערהערען זיין געוויין כאַפּען זיי זיך איהם באַרוהיגען מיט אלערליי מיטלען, ניט טראַכטענדיג וועגען די רעזולטאַטען.

צוליעב דעם זעלבען רחמנות־געפיהל ענטוויקעלט מען אויך שפּעטער שלעכטע געוואוינהייטען ביים קינד. דאָס קינד עסט אמאָל ניט אַזוי גוט, דערצעהלט מען איהם מעשות, מען זאָגט איהם צו „גאָלדענע בערג" אַבי עס זאָל עסען. אין א קורצער צייט געוואוינט זיך דאָס קינד צו עסען ניט ווייל עס האָט אפּעטיט, נאָר ווייל עס קריגט א באַלוינונג. דאָס קינד וואַרפט ארונטער זיינע שפּילצייג, איילט מען זיך אימער זיי אויפהויבען פאַר איהם, און דאָס קינד באַגרייפט ניט, אז ווען מען וויל דעם פאַרגעניגען פון אַראָפּוואַרפען די זאַכען, דאַרף מען אויך נעמען אויף זיך די פאַר־אַנטוואָרטליכקייט פון אויפהויבען. עס קריגט די געוואוינהייט צו ווערען אימער באַדיענט.

ווען מוטערס זאָלען וועניגער האָבען רחמנות אויף די קינדער און זעהן זיי זאָלען זיך געוואוינען לעבען נאָרמאַל און זעלבסט־שטענדיג אויף וויפיעל זייער ענטוויקלונג דערלאָזט דאָס, וואָלטען

זיי געטאָן א פיעל גרעסערע טובה די קינדער ווי זיי טוען עס מיט זייער רחמנות.

ווען מיר ריידען וועגען געוואוינהייטען, דארפען מיר געדענקען צוויי וויכטיגע כללים.

ע ר ש ט ע נ ס : יעדע געוואוינהייט מוז זיך ענטוויקלען אין א געוויסער צייט.

צום ביישפיל, א קינד פון דריי יאָהר איז נאָך ניט רייף צו געוואוינען זיך שפּילען קלאַוויר, דאָס הייסט, זיינע מוסקולען זיינען נאָך ניט ענטוויקעלט גענוג אום עס זאָל קענען יעדען טאָג דורכמאַכען די געוויסע איבונגען, דורך וועלכע דאָס שפּיעלען זאָל ווערען א ג ע װ א ו י נ ה י י ט און זאָל אויף אזא אופן ווערען א גרינגע ארבייט. פאַר א מענשען פון פופציג יאָהר ווידער, איז צו שפּעט צו לערנען שפּילען קלאַוויר, ווייל זיינע מוסקולען זיינען צו שטייף צו ג ע װ א ו י נ ע ן זיך שפּילען, און ווי גוט ער זאָל די מוזיק ניט פארשטעהן, וועט פאר איהם דאָך דאָס שפּילען ניט זיין לייכט און נאַטירליך. דערפאַר איז עס ראטזאם צו ענטוויקלען ביי דעם קינד די געוואוינהייט צו שפּילען קלאַוויר, זאָגען מיר, צווישען אכט און צעהן יאָהר, ווען די ענטוויקלונג פון זיינע מוסקולען איז פונקט צוגעפּאסט צו די נויטיגע איבונגען.

צ ו ו י י ט ע נ ס : אין דעם פּראָצעס פון ענטוויקלען נוטע געוואוינהייטען טאָר מען ניט ערלויבען קיינע אויסנאַמען. ביז די געוואוינהייט לאָזט אזעלכע טיעפע וואָרצלען אין קינד, אז עס ווערט פאַר איהם נ א ט י ר ל י ך צו האנדלען אויף א געוויסען שטייגער, טאָר מען פון וועג ניט פּארקערען.

נעמען מיר ווידער דעם ביישפּיעל מיט וויינען. א קינד פון א יאָהר, וועלכעס איז אימער געוואוינט אנטשלאָפען צו ווערען ניט געוויגט, וועט זיין געוואוינהייט ניט ברעכען צוליעב דעם וואָס מען וועט עס אמאָל א וויג טאָן. ניכער פון אלעס וועט דאָס קינד זיך באַציהען צום וויגען גאַנץ גלייכגילטיג, אָדער עס וועט זיך אמוזירען א פּאָאר מינוטען, אזוי ווי מיט הוידען זיך אויף א הוידאלקע. אויף מאָרגען קען עס ווידער גאַנץ רוהיג איינשלאָפען אָהן וויגען, ווייל ביי איהם איז שוין פעסט איינגעשטעלט די געוואוינהייט פון איינשלאָפען אליין. פּרובירט מען אָבער א וויג טאָן א קינד

פון צוויי, דריי וואכען, ריזיקירט מען, אז עס וועט זיך צוגעוואוינען צום וויגען, ווייל עס האלט נאך דערווייל אין ענטוויקלען זיינע שלאף-געוואוינהייטען.

נאכפאלגענדיג דיזע צוויי כללים איז עס העכסט וויכטיג צו בעאבאכטען דאס קינד, אום צו קענען ענטוויקלען זיינע גע־וואוינהייטען לויט זיין עלטער, לויט זיינע פיזישע און גייסטיגע פעהיגקייטען; און ניט צו ערלויבען איהם זיך צו אוועקקעהרען פון ריכטיגען וועג דאן, ווען די געוואוינהייט האלט נאך אין פאר־מירען זיך און איז נאך ניט געווארען קיין צווייטע נאטור.

## דער אָנפאַנג פון די פאַרשיידענע מינים נאָכאַהמונג

איינער פון די הויפּט פאקטאָרען אין דער ענטוויקלונג פון קינד איז נאָכאהמונג. עס הערט און זעהט וואָס אנדערע טוען און וויפיעל זיינע פעהיגקייטען ערלויבען טוט עס נאָך. אויף אַזאַ אופן לערענט עס זיך אויס אַליין צו טאָן דאָס וואָס די אנדערע ארום איהם טוען.

אין אָנהויב האָט דעם קינדס נאָכטאָן גאָר ניט צו טאָן מיט זיין פארשטאנד. ווען מען לאכט צו איהם אין עס לאכט אויך, אָדער מען רעדט צו איהם און עס לאָזט ארויס קלאנגען, ווי עס וואָלט נאָכגערעדט, ווערט דאָס אַלץ געטאָן אונווילקירליך, רעפלעק־טיוו. אזוי צום ביישפּיעל, גענעצען מיר, ווען מיר זעהען א צווייטען גענעצען, ניט דערפאַר ווייל דאָס געפעלט אונז און מיר ווילען עס נאָכטאָן, נאָר ווייל מיר קענען זיך ניט העלפען, מיר טוען עס אונווילקירליך.

שפּעטער אביסעל ווערט שוין דעם קינדס נאָכאהמונג מעהר באוואוסטזיניג, עס איז אָבער נאָך אַלץ אָהן א באשטימטען צוועק. עס טוט נאָך אַ געוויסע טאַט צוליעב דער טאט זעלבסט און ניט צו־ליעב דעם, וואָס פון דעם וועט ארויסקומען. אז מען וואַרפט עפּעס פּרובירט עס אויך ווארפען, מען פּאָכט מיט א שטיקעל פּאפּיר טוט עס אויך דאָס זעלבע, מען שטעלט ארויס אַ צונג, שטעלט עס אויך ארויס. דעם קינד געפעלט דאָס אַלץ אַלס שפּיעל און עס וויל זיך איהם אַליין דורכמאכען די פארשיידענע ערפאהרונגען. קיין תכליתים זוכט עס אָבער דערביי ניט.

די ערשטע צייט מוז דאָס קינד אויף האָבען א ביישפּיעל פאַר זיינע אויגען בשעת עס טוט נאָך. געשפּיעלט מיט א שמאטקע פונקט ווי די מוטער, און די מוטער געהט אוועק, אזוי איז די גאנצע

שפּיעל ארויס פון קאָפּ און מען ווידערהאָלט דאָס ניט מעהר. שפּע־טער צו אָבער, ווען עס ענטוויקעלט זיך שוין א ביסעל דער זכרון, הויבט דאָס קינד אָן נאָכצוטאָן זאַכען וואָס עס האָט געזעהן אין דער פאַרגאַנגענהייט. די פאַרגאַנגענהייט איז דערווייל ניט קיין ווייטע, א שעה אָדער צוויי. מיט דער צייט געדיינקט עס אָבער אַלץ ווייטערע און ווייטערע פּאַסירונגען.

דאָס מענשעלע וואַקסט און אָט טראַכט עס שוין וועגען תכליתים. עס הויבט אָן נאָכטאָן צוליעב אַ באַשטימטען צוועק. עס נעמט אַ לעפעל אין האַנט פונקט ווי אַ צווייטער, ווייל עס וויל עסען. עס שטופּט די טיר לויט דעם מוסטער וואָס עס האָט אַמאָל באמערקט, ווען עס וויל ארויס פון צימער.

דער ערציהער דאַרף זיך רעכענען מיט די אַלע אויסגערעכענטע מינים נאָכאַהמונג, ווייל זיי שטעלען זיך אַלע אָפּ ביים מענשען אויף זיין גאַנצען לעבען.

## אונבאַוואוסטזיניגע נאָכאַהמונג.

דאָס נאָכטאָן אונווילקירליך, אָפּשפּיגלענדיג אונבאַוואוסטזיניג אַ צווייטענס טאַט אָדער שטימונג איז דער איינציגער סאָרט נאָכ־אַהמונג אויף וועלכען דאָס קינד איז פעהיג דאָס ערשטע האַלב יאָהר פון זיין לעבען. דאָס איז אָבער אַ נייגונג וואָס מיר באזיצען אימער. זעהר לייכט גיבען זיך אויף אַזאַ אופן איבער געפיהלען און שטימונגען. זעלטען ווען אַ מענש הערט געלעכטער און לאַכט אַליין ניט, אָדער ער קומט צווישען מענשען, וואָס טרויערען און עס ווערט איהם ניט טרויעריג.

אויב די מוטער בייזערט זיך כסדר, דער פאַטער איז אויפ־גערעגט און זידעלט זיך אָפט קענען זיי ניט ערוואַרטען, זייער קינד זאָל זיין ליעבליך און גוטמוטיג געשטימט. ניט ווילענדיג, אינ־סטינקטיוו נעמט עס איבער די שטימונגען פון די ארומיגע. העפ־ליכקייט, גוטמוטיגקייט, פרעהליכקייט, דאָס זיינען אַלץ מעלות, וואָס גיבען זיך לייכט איבער פון איינעם צום צווייטען, מען שטעקט זיך אָן דערמיט, אויב מען זעהט דאָס ארום זיך. אַ קינד, וואָס שטעהט אויף אינדערפריה און ווערט ליעבליך באַגריסט; עס

לעבמ אין אַן אַטמאָספערע פון העפליכקייט ; עס הערט פריינד־
ליכע און הארציגע אויסדריקע צווישען די ערוואקסענע ; עס
ווערט אין אַן ערעלע, צערטליכע שפּראַך אויפגעפאָדערט צו געהן
עסען, באָדען זיך, שלאָפען און ז. וו.; עס זעהט ארום זיך פרעה־
ליכע געזיכטער אין הערט אָפט געלעכטער, אזא קינד האָט אלע
שאנסען אויסצעוואקסען גליקליכער און בעסער, ווי דאָס קינד, וואָס
קריגט אַ פאָרציע בייזקייט צו פריהשטיק, זידלערייען און קללות
צו מיטאָג און אַ זויערע מינע צום געהן שלאָפען. אין לעצטען
פאל ווערט זיין גאנצע באציהונג צום לעבען און צו זיינע מיטמענ־
שען אַ פארביטערטע, עס טרויעט קיינעם ניט, און קריגט עס אַ
געלעגענהייט גיסט עס אויס זיין גרימצאָרן צו ווענען עס מאכט
זיך, פונקט ווי טאטע־מאמע טוען. אָפט מאָל וואונדערט מען זיך.
אַ מענש באקלאָגט זיך, ער האָט געהאט אַ פינסטערע קינדהייט,
אָהן ווארעם אין אָהן ליכט, אָהן פרייד און אָהן געלעכטער, ער
פיהלט אז דאָס האָט ביי איהם געטריבט זיינע קינדהייטס־פריידען,
צו וועלכע ער איז געווען בארעכטיגט פון דער נאטור, און דאָס
האָט אויף אייביג געמאכט אַ ריס אין זיין נשמה. לאָגיש וואָלט
זיך געדאכט, אז ווען אזא מענש האָט אַ קינד, דארף ער טאָן אלעס
מעגליכע צו געבען דעם קינד דאָס, וואָס איהם האָט געפעהלט.
לאָזט זיך אָבער אויס, אז הגם מאטעריעל טוט ער אלעס אום צו
באזאָרגען זיין קינד מיט דאָס בעסטע, באהאנדעלט ער עס זאָנסט
ניט בעסער, ווי זיינע עלטערען האָבען איהם אמאָל באהאנדעלט.
ער קוקט ניט אריין אין קינדס נשמה, ער בארעכענט ניט דעם קינדס
געפיהלען. פארוואָס ? ווייל זיין אומגעבונג האָט אויף איהם געהאט
אזא שטארקע ווירקונג, אז אין יאָהרען ארום, זייענדיג אין דער
זעלבער לאגע, וואָס זיינע עלטערען זיינען אמאָל געווען, טוט ער
זיי אונבאוואוסטזיניג נאָך. געוויס, פיעלע באקעמפען זיך אליין
און ווערען אנדערש, בעסער, צערטליכער, אָבער אוננעהייער פיעלע
ביישפּיעלען זעהען מיר פון ערשטן סאָרט .

## באוואוסטזיניגע נאכאהמונג.

און אויב אונווילקירליכע, אונבאוואוסטזיניגע נאָכאַהמונג האָט

אזא גרויסע באדייטונג אין מענשענס ענטוויקלונג, האט באוואוסט־זיניגע נאכאהמונג נאך א פיעל וויכטיגערע באדייטונג.

דאס קינד פון זעקס־זיבען מאנאטען הויבט אן נאכמאכען פאר־שיידענע קלאנגען און טענער פון דער שפראך, וואס עס הערט ארום זיך, און שפעטער מאכט עס נאך זילבען און גאנצע ווערטער, ביז אויף אזא אופן לערענט עס זיך אויס ריידען גלייך מיט די ערוואקסענע. עס הויבט אן נאכמאכען פארשיידענע באוועגונגען און צו ביסלאך, צו ביסלאך קען עס אלעס נאכטאן, אלעס וואס א מענש דארף אום צו קענען לעבען צווישען מענשען. דא דארף אן ערציהער זעהן אימער געבען דעם קינד אזעלכעביישפילען, וואס זאלען זיין כדאי נאכצוטאן.

אום דאס קינד זאל ריידען א גוטע שפראך איז נויטיג עס זאל גלייך פון אנהויב אן הערען אזא שפראך. אייניגע האבען האלט צו ריידען מיט דעם קינד „קינדער לשון" און ווען דאס פיצעלע וואקסט אונטער און עס איז איהם שווער זיך אויסצולערנען נוט ריידען, זיינען די עלטערען שטארק ניט צופרידען. שולדיג זיינען אבער זיי אליין, ווייל זיי האבען געלעגט שווערע שטיינער אין קינדס וועג מיט דעם, וואס זיי האבען גלייך פון אנהויב, ווען דאס קינד האט געפאלגט זייער ביישפיעל, נאכריידענדיג די שפראך, איהם ניט געגעבען דעם ריכטיגען מוסטער.

אלעס וואס מען וויל דאס קינד זאל נאכטאן מוז פאר איהם ערשיינען זעהר איינפאך און דייטליך, ווי אין שפראך אזוי אין אנדערע הינזיכטען. ווען מען רעדט צום קינד איז נויטיג, עס זאל הערען יעדען קלאנג אזוי דייטליך ווי מעגליך, אום עס זאל איהם זיין לייכט נאכצוריידען. און ווען מען וויל איהם ווייזען ווי צו טאן עטוואס מוז עס זעהן יעדע באוועגונג, וועלכע עס איז נויטיג דורכצומאכען אום ערפאלגרייך נאכצוטאן. נעמען מיר א שטייגער אזא פאל: מען וויל ווייזען דעם קינד ווי צו פארקנעפלען די שיך. ווען מען קנעפעלט שנעל איינס נאך'ן צווייטען, וועט דאס קינד ניט באמערקען יעדע באוועגונג, וואס דער, וואס קנעפעלט מאכט מיט זיינע פינגער און עס וועט איהם זיין שווער נאכצוטאן. ווען אבער מען קנעפעלט לאנגזאם און מען האלט די פינגער אזוי, אז דאס קינד זאל קענען באאבאכטען יעדע באוועגונג, יעדען דרעה

מיט די פינגער, וועט עס באַקומען א באַגריף, ווי די זאַך ווערט געטאָן און עס וועט לייכטער קענען נאָכטאָן, און אויף אַזאַ אופן זיך אויסלערנען פארקנעפּלען די שיך. נאַטירליך, מוזען דערצו די מוסקולען פון זיינע פינגער זיין פעהיג דורכצומאַכען אלע נויטיגע באַוועגונגען.

צי, זאָגען מיר, מען וויל אויסלערנען דאָס קינד אויפהענגען זיינע קליידער. אויב מען וועט דאָס טאָן שנעל, וועט דאָס קינד אפשר גאָר ניט באַמערקען, אַז דאָס מאַנטעלע הענגט פון דעם קליינעם צוגענעהטען הענגערל. דאָס קינד האָט ניט גענוג ער־פאהרונג, אום צו וויסען די פונקציע פון דעם צוגענעהטען בענ־דעלע און, באַמערקענדיג דעם גאַנצען פאקט, אַז דאָס מאַנטעלע הענגט קען עס לייכט דורכלאָזען די איינצעלהייט, אַז עס הענגט פון דעם בענדעלע. און ווען עס וועט שוין יאַ וויסען, וועט עס ניט פארשטעהן וואָס איינגענטליך ס'איז נויטיג צו טאָן אום דאָס בענדעלע זאָל זיך אַזוי אויסביינען אַז עס זאָל זיך אויפהענגען, ווי א שלייפעל. ווען מען מאַכט אָבער דורך אלע באַוועגונגען, וואָס זיינען נויטיג אום אויפצוהענגען דאָס מאַנטעלע אַזוי לאַנגזאַם און דייטליך, אַז דאָס קינד זאָל זיך קענען צוקוקען און באַמערקען דעם גאַנצען פּראָצעס, וועט איהם אָנקומען פיעל גרינגער צו ווידערהאָלען דיזען פראָצעס שריט ביי שריט.

אָפט לערענט מען א קינד געהן אָדער שטריקען און דאָס קינד קען דאָס ביים בעסטען ווילען ניט איבערנעמען. די פּערזאָן ווידער וואָס פיגורירט אַלס לעהרער אָדער לעהרערין איז שטאַרק ערשטוינט, וואָס דאָס קינד, אָדער אין מאַנכע פעלע זאָגאַר אַן ערוואַקסענער, קען ניט נאָכטאָן אַזאַ איינפאַכע זאַך. דער אמת איז אָבער, אַז דער שילער האָט פשוט ניט געזעהן, ניט באַמערקט יעדע באַוועגונג און אין דער קייט פון די נויטיגע באַוועגונגען פעהלען איהם א פּאָר אָדער אמאָל ניט מעהר ווי איינע, און דאָס מאַכט די ארבייט אַזוי אונפּאָלקאָם אַז זי האָט קיין עהנליכקייט ניט צום מאָדעל.

און ניט נאָר מוז דאָס קינד הערען יעדען קלאַנג, אָדער באָאָבאַכ־טען יעדער באַוועגונג אום נאָכצומאַכען אָדער נאָכצוטאָן, עס מוז איך טאָן. עס מוז אליין האָבען די ערפאַהרונג, אליין פיהלען ווי עס רעדט זיך אָדער עס טוט זיך. אום זיך עפּעס אויסצולערנען

איז אויך ניט גענוג איין מאָל נאָכצוטאָן אָדער נאָכצורײדען. מען מוז פיעלע מאָל ווידערהאָלען דאָס וואָרט וואָס מען האָט געהערט אָדער די מאט וואָס מען האָט באָאָבאכטעט. דאָס הייסט אין אַנ־דערע ווערטער, דאָס קינד מוז זיך גענויאויינגען דורך ווידערהאָלטע איבונגען צו טאָן אָדער ריידען לויט דעם ביישפיעל וואָס עס האָט געזעהן אָדער געהערט.

## נאָכטאָן פון זכרון.

אום דאָס קינד זאָל ווידערהאָלען א געוויסע איבונג איז ניט נויטיג עס זאָל האָבען דעם ביישפיעל פאַר די אויגען. דאָ קומט איהם צונוץ זיין זכרון. מען האָט איהם, א שטייגער, געוויזען ווי צו פארקנעפּלען די שיך. עס האָט זיך טיילוויז אויסגעלערנט די מלאכה, צוקוקענדיג זיך, ווי דער לעהרער אָדער די לעהרערין האָט עס געטאָן און נאָכמאכענדיג יעדע באוועגונג מיט דעם ביישפיעל, מיט דער קאָפּיע פאַר די אויגען. די ארבייט געהט אָבער נאָך ניט ווי עס באדארף צו זיין, „די הענט לעגען זיך ניט“. אום צו פאַר־פאָלקאָמען זיך אין דער ארבייט זיינען נויטיג ווידערהאָלטע איבונ־גען. אָט די איבונגען, מאכט דאָס קינד ווידער און ווידער, ניט זעהענדיג פאַר זיך דעם מוסטער נאָר געדענקענדיג ווי די זאך דארף געטאָן ווערען. עס טוט אלזאָ נאָך פון זכרון.

נאָכאהמונג פון זכרון פיהרט אמאָל דאָס קינד צו נייע ענט־דעקונגען. למשל, דאָס קינד זיצט אויף דער מוטערס שויס און שפּיעלט זיך מיט איהר יאַקעל. דאָס יאַקעל שפּילעט זיך אויף העקעלאך. דאָס קינד מאכט מיט די פינגער פארשיידענע באווע־גונגען, וועלכע עס געדענקט פון פריהער, ווייל עס האָט זיי אמאָל אימיצען נאָכגעמאכט און שפּילענדיג אזוי גיט זיך איהם איין צו פארשפּילען און אויפשפּילען דער מוטערס יאַקעל. אין דיזען פאַל האָט דאָס קינד פאַר זיך ניט קיין שום ביישפּיעל און עס האָט ער־רייכט דעם ערפאָלג פון זיך אליין, דורך א פּלוצלינגער ענטדעקונג. דיזער סאָרט לערנען פון זיך אליין, דורך אייגענע ענטדעקונגען פיהרט צו דער העכסטער שטופע פון גייסטיגער ענטוויקלונג. דאָס ענטוויקעלט אין קינד איניציאטיווע, גייסטיגע אונאָבהענגיגקייט.

כעמיקער שטודירט און שטודירט כעמיע און וויסט זיין ווי־סענשאפט פון „א" ביז „ת". ער טוט אבער אימער ווי אין ביכעל שטעהט און, הגם ער איז זעהר גליקליך פאר זיין וויסענשאפט, האט ער קיין באזונדערע ביישרעגע ניט געמאכט. ער האט מעהר ניט ווי קאפירט אדער נאכגעטאן דאס, וואס אנדערע האבען פאר איהם געטאן. מיט אמאל אבער מאכענדיג זיינע פארשיידענע כעמישע קאמבינאציעס, ענטדעקט ער, אז ווען מען זאל צוזאמענבינדען די און די שטאפען וועט ארויסקומען גאר א נייער כעמישער שטאף, מיט וועלכען מען וועט וועלטען קעה־רען אויף דעם מעדיצינישען געביט, אין דער פארבען אינדוסטריע, צו אין וועלכען אנדערען צווייג פון מענשליכער טעטיגקייט. דער דערמאנטער כעמיקער ווערט פיעל גרעסער, ווי ער איז ביז דאן געווען, ער האט געמאכט א ווירקליכען בייטראג צו דער כעמישער וויסענשאפט. ער פיהלט זיך אינערליך באפרידיגט פון זיין אויפטו, און דורך דעם קריגט ער מעהר און מעהר באגייסטערונג וויטער צו ארבייטען אויף זיין געביט. מיר רעדען דא ניט פון דער אויסער־ליכער באפרידיגונג, דאס געלט און דעם כבוד וואס ער קריגט, ווייל דאס אינטערעסירט אונז ניט אין דיזען פאל. מיר ווילען נאר באטאנען זיין אינערליכע פרייד און זיין גייסטיגען וואוקס.

דאס איז פונקט וואס פאסירט מיט'ן קינד, ווען עס ענט־דעקט אליין, ווי צו פארשפילען דער מוטערס יאקעל אדער ווי אויפ־צוטאן אן אנדער שטיקעל ארבייט, העלפט איז פאלקאם ניי און גאנץ גרויס אין זיינע אויגען.

אמת, דער כעמיקער וואלט ניט געווען געקענט מאכען זיין ענטדעקונג, ווען ער שטודירט ניט יאהרען לאנג, ווען ער טוט ניט נאך וואס אנדערע האבען שוין פאר איהם געטאן; און דאס קינד וואלט זיין ענטדעקונג ניט געווען געמאכט, ווען עס זאל זיך ניט געווען אויסלערנען מאכען די ריכטיגע פינגער־באוועגונגען, נאכ־טוענדיג דעם ביישפיעל פון אנדערע. אין דעם זין זיינען זיי ביידע ניט אריגינעל, ניט דער כעמיקער און ניט דאס קינד. זיי זיינען ביידע געקומען צו זייערע ערהאבענע נאכטוענדיג, אדער בויענדיג אויף פריהערדיגע ביישפיעלען. די ערהאבונג איז אבער גרויס, ווייל זיין די [illegible] פון אזא ספעציעלען כעמישען צוזאמענשטעל,

אָדער פון דעם פארשפילען העקעלאָך, האָבען זיי פ ו ן ז י ך א ל י י ן אויפגעטאָן א נייעס, געמאכט אַן ענטדעקונג.

וואָס נייסטרייכער מען וויל דאָס קינד זאָל זיין, אַלץ מעהר דאַרף מען עס לאָזען מאכען זיינע אייגענע ענטדעקונגען. עס איז נויטיג צו פארלייכטערען דעם קינדס וועג דורך דעם, וואָס מען ווייזט איהם איינענע ביישפיעלען. טוט מען דאָס אָבער צופיעל ווערט דאָס קינד אפהענגיג, און עס פארלירט זיך אָפט זיין אָריגינעלקייט.

ווען מען ברענגט, למשל, דעם קינד דאָס ערשטע מאָל א קעסטעל מיט ברעטלאָך (בלאָקס), איז נוט צו מאכען פאר איהם א פּאָר מאָדעלען, א הויז, א בריק, אַן אלמער, אום עס זאָל וויסען וואָס מען קען אַזוינס אויפטאָן מיט דער סחורה. וועט מען אָבער כסדר בויען הייזקעס מיט בריקען פאר דעם באַזיצער פון די רויהע מאַטעריאַלען, וועט עס אימער קומען און פאָדערען „בוי פאר מיר". עס וועט אפשר דאן נאָכמאכען די מאָדעלען, עס וועט אָבער אליין גאָרניט ענטדעקען; עס וועט קאָפּירען, עס וועט אָבער פון זיך אליין גאָרניט אויפטאָן. לאָזט מען דאָס קינד צורוה נאָך די ערשטע פּאָר מאָדעלען און עס בויעט אליין, מאכט עס אונענדליכע ענט־דעקונגען. מיט אמאָל קומט פון אַן אונערווארטעטער קאָמבינאַציע פון צוויי ברעטלאָך ארויס א שטול און אַן אנדערס מאָל א טיש. מיט א פּאָר עקסטרא ברעטלאָך קריגט דאָס הויז, וואָס איז גע־בויט לויט דעם מאָדעל, א באַלקאָן פון פאָרענט. און די אַלע זאכען זיינען אָריגינעלע אויפטועכצען און אייגענע פארדיענסטען. ווי העל עס שיינען דערביי דעם קינדס אויגען, ווי ליכטיג עס שמייכעלט זיין געזיכט! אָפט שפּרינגט עס אין דער לופטען און עס קלאַפּט א האַנט אין א האַנט פאר נחת, א קליינינקייט, אליין, אָהן קיינעמס הילף אזוי פיעל ערדייכט. און עס וואקסט דער מוט, עס ענטוויקעלט זיך דער פליים אליין צו טאָן, אליין צו ערדייכען.

## דראַמאַטישע נאָכאַהמונג.

דראַמאַטישע נאָכאַהמונג באַגרינדעט זיך דורכאויס אויף דעם זכרון. און ניט נאָר איז נויטיג צו געדענקען וואָס מען האָט גע־

הערט און געזעהן, מען מוז אויך באַזיצען פאַרשטעלונגס־קראַפט
צו קענען שאַפען נייע טיפען און נייע באַדינגונגען.

אין אָנהויב וועט דער יונגער אַקטיאָר אָדער די אַקטריסע זיך
באַגנוגענען מיט דעם, וואָס ער וועט אָנטאָן דעם טאַטענס הוט און
געהן פאַרדינען געלט, אָדער זי וועט נעמען דער מאַמעס קוישעל און
געהן איינקויפען. אין אַזאַ פאַל קאָפּירט דאָס קינד אויף אַ דראַ־
מאַטישען שטייגער נאָר דאָס, וואָס עס האָט געזעהן. עס באַנוצט
זיך מיט דעם זכרון, זיין פאַרשטעלונגס־קראַפט אָבער ווייזט זיך
דערווייל נים שטאַרק אַרויס. שפּעטער פיהרט די דראַמאַטישע
נאָכאַהמונג דאָס קינד אַריין אין פאַרשיידענאַרטיגע וועלטען, וואָס
וואָלטען פאַר איהם זאָנסט געבליבען אונערגרייכבאַר. אויף דיזען
געביט איז גאָר ניטאָ קיין אונמעגליכעס. אַ קינד פון דריי יאָהר
קען זיין אַזוי באַשרענקט אין דער ענטוויקלונג פון זיינע מוסקולען,
אַז עס זאָל נים קענען נאָכמאַכען די איינפאַכע באַוועגונגען וואָס
זיינען נויטיג צו פאַרקנעפּלען די שיך. זיין פאַרשטעלונגס־קראַפט
איז אָבער נים צו אָרעם, אַז עס זאָל קענען שפּילען די ראָל פון אַ
קעניג, אַ ריעז, אַ פערד, אַ לאָקאָמאָטיוו און וואָס נים. דראַמאַטיש
קען עס נאָכמאַכען אַלעס אין דער וועלט. אמת די דראַמעס זיינען
נים אימער לעבענס־טריי, אָבער צו וואָס דאַרף מען רעאַליזם, אַז
מען קען זיך באַגעהן אָהן דעם?

אויך אויף דיזען געביט דאַרף מען דאָס קינד לאָזען זיין אָרי־
גינעל און שאַפען זיינע איינענע ראָלען. דער קליינער קינסטלער
נויטיגט זיך נים מען זאָל פאַר איהם שאַפען דראַמען, ער טוט דאָס
אַליין מיט גרוים ערפאָלג. ווען מען לאָזט דאָס קינד אַליין שאַפען
און שפּיעלען זיינע ראָלען קען מען לייכט אויסגעפינען אין וואָס דאָס
קינד איז אַם מעהרסטען פאַראינטערעסירט. וועלכע געגענשטאַנ־
דען און ערשיינונגען ציהען זיין אויפמערקזאַמקייט. ווען אַ קינד
נעמט זיך קריכען אויף אַלע פיער און מיאוקען ווי אַ קאַץ, איז עס
אַ זיכערער סימן אַז די קאַץ האָט אויף איהם געמאַכט אַן איינ־
דרוק. און שפּיעלענדיג די קאַץ און פּרובירענדיג זיך אַריינלעבען
אין איהר ראָל, וועט דאָס קינד זיך נאָך מעהר פאַראינטערעסירען
מיט דער אָנגערופענער חיה, און וועט קריגען אַ באַגעהר צו שטודי־
רען איהר אויסזעהן און איהרע געוואוינהייטען. טרעפט אָבער אַז

אן ערוואקסענער וועט זיך פארוואנדלען אין א קאץ און זאגען צום קינד.

„אט אזוי באוועגט זיך די קאץ און אזוי מיאוקט זי. טו אויך אזוי".

דאס קינד וועט זיך פאראינטערעסירען, עס וועט נאכמאכען און קריגען פון דעם גרויס פארגעניגען. עס טוט אבער דאן נאך ניט דער קאץ, נאר א מענשען וואס מאכט זיך פאר א קאץ, א נאכגעמאכטער קאץ. די אמת'ע קאץ האט דער חברה־מאן אפשר גאר ניט באמערקט און וועט איהר אפשר ווייטער אויך ניט באמערקען. ווען דאס קינד נעמט זיך מיאוקען זעהט עס פאר זיך אפשר ניט דאס בילד פון דער ווירקליכער קאץ, נאר דאס בילד פון דער קאץ אין מענשען־געשטאלט.

וואס מעהר מען לאזט דאס קינד אליין שאפען, אלץ מעהר ענטוויקעלט זיך זיין אייגענע דראמאטישע שאפונגס־קראפט.

דראמאטישע נאכאהמונג איז באזונדער שטארק ענטוויקעלט פון דריי ביז זיבען יאהר. ניט נאר גיט דאס קינד אריין א נשמה יעדער טויטע זאך, עס פארוואנדעלט זיך אליין אין אלעס אין דער וועלט און שאפט זיך פאנטאסטישע חברים, וועלכע טוען נאך דאס קינד אליין, אדער די אנדערע מיטגלידער פון דער פאמיליע. א שטיק האלץ ווערט פארוואנדעלט אין א שלעכט קינד, וואס פאלגט ניט די מאמע און טוט אלעס להכעיס. און דער גאנצער מוטערליכער צארן ווערט אויסגעגאסען צום ברעטעלס קאפ. אין דעם פאל טוט דאס קינד נאך דער מוטער און מאכט דאס ברעטעל נאכמאכען זיך אליין.

## וויכטיגקייט פון גוטע ביישפילען.

הגם דאס יונגע קינד טוט ניט נאך אלעס וואס עס זעהט און הערט, נאר עס קלייבט אויס נאכצוטאן אזעלכע זאכען, וואס האבען פאר איהם א באזונדער אינטערעס און זיינען צוגעפאסט צו זיין פיזישער און גייסטיגער ענטוויקלונג, קען עס אבער נאך ניט אויסקלייבען צווישען גוט און שלעכט. עס בלייבט דאריבער פאר דעם ערציהער צו ווייזען דעם קינד נאר אזעלכע ביישפיעלען, וועלכע

עס איז ווינשענסווערט פאַר דעם קינד נאָכצופאָלגען. וויפיעל מען זאָל דעם קינד ניט פרעדיגען, אַז עס זאָל זיך באַנעמען גוט מיט מענשען, עס זאָל האָבען שעהנע טיש־מאַנערען, אַ. ז. וו. וועט דאָס אַלץ זיין אַרויסגעוואָרפענע רייד אויב די, פון וועלכע דאָס קינד נעמט זיך אַביישפיעל, האַנדלען ניט ווי מען פארלאַנגט פון זיי, אַז זיי זאָלען האַנדלען. דאָס קינד מוז פאַר זיך האָבען דעם ביי־שפיעל, ניט די פרינציפען ערקלערונגען.

ווען אַ מאַמע שרייט אויף דעם אינגעל און רופט איהם „לאופער“, „שגץ“, „אידיאָט“, „אייזעל“, און נאָך אַזעלכע ליעבליכע נעמען, לערענט ער אונבאַוואוסטזיניג זיין קינד ווי צו באַנעמען זיך מיט מענשען. עס איז דאן גאָר קיין וואונדער ניט אויב דער זוהן וואַקסט אויס אַן עזות פנים אפילו געגען דעם אייגענעם טאַטען. פיעלע פרויען זיינען ניט קיין גרויסע בריה׳ס, זיי וואָלטען אָבער זעהר וועלען, זייערע טעכטער זאָלען זיין ריין און ציכטיג. וואָס דארפען אַזוינע מאַמעס טאָן? פשוט צוליעב די קינדער זיך אַליין נעמען אין דער האַנט און ווערען דאָס, וואָס זיי ווילען די טעכטער זאָלען זיין. אויב די מוטער וועט ריין האַלטען איהר הויז וועט דאָס קינד איהר נאָכטאָן. עס וועט שייערען און רייניגען זיינע שפיל־צייג, וואַשען דעם דיל, אָפּשטויבען די ווענט מיט דעם מעבעל, און ווען עס וועט אויסוואַקסען, וועט רייגליכקייט פאַר איהם זיין אַן אבסאָלוטע נויטווענדיגקייט. און אויב די מאַמע וועט אַליין אימער געהן ריין און פינקטליך אָנגעטאָן, וועט די טאָכטער ניט דארפען קיין „לעקטשורס“ וועגען דעם, אַז עס איז ניט שעהן צו טראָגען אַ יאַקעל מיט אָפּגעריסענע קנעפּלאַך, אָדער צו געהן מיט צופודעלטע האָר.

עס איז נענוג זיך צוצוהערען ווי קינדער ריידען בשעת זיי שפּילען זיך אום צו באַשטימען פון וואָס פאַר אַ היימען זיי קומען. אויב די מאַמע פון דער שפּיעל וועט זאָגען צו איהר קינד: „קום, וועל איך דיך אויסבאָדען איידער דו געהסט שלאָפען, און פארגעס גאָר ניט אויסצובערשטען דיינע ציינדלאַך“, מעגט איהר זיין זיכער אַז דאָס קינד קומט פון אַ היים וואו רייגליכקייט און היגיענע זיינען באַשטענדיגע איינוואוינער. ווען די פרוי פון אַן אַנדער שפּיעל וועט זאָגען צו דעם מאַן, „איך קען שוין פון דיר ניט אויסהאַלטען.

דו פּאַרטרינקסט דיינע שׂבירות יעדען שבת און מיך מיט די קינדער לאָזטו הונגערען", פאַרשטעהט מען די צרות, וואָס דאָס קינד זעהט אין איהר היים.

עס איז אַן אָנגענומענער כּלל, צו „גרויסע קייען און קליינע שפּייען", דאָס הייסט, וואָס די ערוואַקסענע טוען טוט דאָס קינד אויך נאָך.

## צוואַנג־סיסטעם און הפקרות.

מיר טרעפען מעהרסטענס צווייערליי עלטערען. איינינע זיינען שטרענג מיט זייערע קינדער, זיי ווילען די קינדער זאָלען זיי אימער פאָלגען, זאָלען אנערקענען זייער אויטאָריטעט. אום דאָס צו עררייכען ריידען זיי מיט די קליינע אין א שטרענגען טאָן, שטראָפען זיי ביי יעדער געלעגענהייט, און אז ס'קומט דערצו זיי ווילען זיי קיין פאמש אויך נים. אזעלכע עלטערען גלויבען, וואהרשיינליך, אז דאָס קינד ווערט געבוירען זעהר שלעכט און ווען מען „לאָזט איהם לויפען", וואָלט עס נאָר געטאָן וואָס מען דארף נים, עס וואלט וועלטען געקעהרט אוים צולאָזענהייט. דערפאר מוז מען איהם כסדר לערנען, כסדר זאָגען: „טו אזוי, טו אנדערש. און, פארשטעהט זיך, זעהן אז דאָס קינד זאָל פאָלגען, ווארום, אז נים, ווי אזוי וועט עס ווערען א מענש?

די אמאָלינע אידישע ערציהונגס־חכמה האָט זיך שטארק גע־האַלטען ביים כלל, אז „א פאטער וואָס ליעבט זיין קינד אם שטארק־סטען, שטראפט עס אם מעהרסטען".

דער צווייטער סאָרט עלטערען זיינען דער היפוך פון די ער־שטע. ביי זיי איז דאָס קינד אונגעשטערט פריי, ריכטינער — הפקר, לויף, קינד, אין דער וועלט אריין, טו וואָס דו ווילסט, איך מיש זיך ניט, — איז זייער כלל. אָפט זיינען דאָס מענשען, וועלכע זיינען אליין אויסגעוואקסען „אונטער דער רוט".

זיי באגרייפען דאָס גאנצע אונרעכט פון דער צוואנג־סיסטעם. זיי טוט באנג פאר זייערע פארלוירענע קינדערשע יאָהרען. זיי פיהלען אז זיי וואָלטען געווען פיעל גליקליכער און פאָלקאָמער, אלס ערוואקסענע, ווען מען זאָל אין זיי נים געווען דערשלאָגען זייער קינדערשע לעבענס־לוסט, מען זאָל זיי געווען לאָזען פריי טאנצען,

פריי לאבען, פריי לעבען און וואקסען. און ווען אַט די מענשען ווערען אליין עלטערען, בעשליסען זיי, אז זייערע קינדער מוזען וואקסען פריי און גליקליך. אבער זיי געהען אריבער צום צוויי־טען עקסטרעם. זיי כאפען אריבער די מאָס. ניט זיי געבען זייערע קינדער פרייהייט, נאָר איינפאך זיי לאָזען זיי אויף הפקר. ווען עס טרעפט, אז ביי אזעלכע עלטערען וואקסען אויס קינדער ווילד, צולאָזען, אויבערפלעכליך, אָהן א שום דיסציפלין, וואונדערען זיך די עלטערען און קוועטשען מיט די פלייצעס: „דאכט זיך וואָס האָט איהם געפעהלט ביי מיר? אלעס פאר איהם געטאָן. אימער איהם פארזאָרגט מיט דעם בעסטען און שענסטען. קיין האנד ניט געלעגט, קיין שטרענג וואָרט ניט געזאָגט און זעהט וואָס דאָס איז אויסגעוואקסען". — מען ווערט פעסימיסטיש. און מען הויבט אָן צווייפלען אין דער ווירקזאמקייט פון „פרייער ערציהונג". אין דער אמת'ן איז דער אונטערשייד צווישען הפקרת און פרייהייט א גרויסער, הגם נאָר ווייניגע באגרייפען דאָס.

ווען מיר פלאנצען בלומען, מוזען מיר זיי געבען די פרייהייט צו וואקסען. יעדער פארשטעהט, אז ווען מיר זאָלען נעמען א קליי־נעם רויזען־קוסט, וועלכער האָט אין זיך די קראפט צו וואקסען זעקס פוס הויך און אויסבויען איבער איהם א דעכעל צוויי פוס פון דער ערד וועט דער קוסט זיך בויגען אויף די זייטען, ער וועט זיך אָפּשטעלען אין זיין ענטוויקלונג איידער ער וועט האָבען די מעגליכקייט צו עררייכען זיין פולען וואוקס. דאס וואָלט הייסען, אז מיר האָבען גערויבט ביי דער פלאנצונג די פרייהייט און דורך דעם געשטערט איהר וואוקס. מיר האָבען איהר געצוואונ־גען צו פארבלייבען קלענער און ארעמער, ווי זי האָט געקענט זיין. מיר זיינען געגען דעם רויזען קוסט באגאנגען דעם זעלבען פאר־ברעכען, וואס שטרענגע עלטערען און לעהרערס באגעהען אָפט געגען זייערע קינדער.

דורך דעם וואָס זיי זוכען ארויפצוצווינגען אויף דעם קינד א באשטימטע דיסציפלין און באשטעהען דארויף, אז דאס קינד זאל זיך פיהרען לויט באשטימטע באפעהלען, וועלכע עס באקומט פון די עלטערע, פארמויערען זיי דעם קינד'ס גייסט און לאָזען איהם

ניט פריי ענטוויקלען זיך. זיי צווינגען די קינדער צו בלייבען גייסטיג נידעריגער ווי זיי האָבען געקענט אויסוואַקסען.

פיעלע עלטערען דערצעהלען, אז ווען זייערע קינדער זיינען געווען קליין און זיינען נאָך ניט געגאַנגען אין שול, זיינען זיי געווען וואונדערבאַר קלוג און פעהיג. מען האָט ערוואַרטעט, אז פון זיי וועלען אויסוואַקסען גאונים. ווי אָבער די קינדער זיינען געוואָרען אביסעל עלטער זיינען זיי געוואָרען טעמפּער, זייער חכמה האָט זיך גיפּגעשטעלט און דער גאַנצער גלאַנץ איז פארשוואונדען. זיי זיינען געוואָרען, ווי די מעהרסטע קינדער, אַזוי זיך, מיטעלמעסיג. און גראד פאַלט דאָס אויס אין דער צייט ווען דאָס קינד הויבט אָן געהן אין שול און שעפען תורה גאַנצע עמער־ווייז. דאָס איז אָבער נאָר ניט קיין צופאַל. די היינטיגע שול טראָגט זעהר פיעל ביי דערצו, אַז דעם קינד'ס גייסטיגער וואוקס זאָל זיך אָפּשטעלען. די שול סיסטעם האַלט אין איין בויען רעכלעך איבער די קינדערשע מוחות, זיי זאָלען זיך חלילה ניט אויפהויבען צו הויך. דורך דעם צווינגען די קינדער צו זיצען שעה'ן לאַנג שטיל און אונבאַוועגליך; דורך דעם, וואָס מען גיט זיי ניט די מעגליכקייט אויסצוקלייבען, וואָס זיי ווילען טאָן אָדער וואס זיי ווילען לערנען, נאָר מען צווינגט זיי זיך שטאָפּען מיט וואָס דער לעהרער הייסט, און דורך נאָך פאַר־שיידענע צוואַנג־מיטלען, שאַפט די שול אַ תפיסה ארום קינד'ס גייסט. און עס איז כלל ניט קיין איינגערעדטע זאַך אַז פיעלע קלוגע און פעהיגע קינדער ווערען ניט מעהר ווי מיטעלמעסיגקייטען, ווען זיי קומען אריין אין שול. אבי באַקומען גינסטיגע קענצייכענס (מאַרקס) און אריבערגעגאַנגען פון קלאַס אין קלאַס. ווייטער קימערט זיך דער שילער ניט. דער אינסטינקטיווער הונגער נאָך וויסען, דער פאַרלאַנג צו לערנען אום ווירקליך צו קענען, איז פאַרטעמט געוואָרען אין דער גייסטיגער תפיסה. דער געוועזענער קליינער פאָרשער און תלמוד חכם האָט זיך געצוואונגענערהייד אָפּגעשטעלט אין זיין וואוקס און איז געוואָרען פלאַך, מיטעלמעסיג.

קומען מיר צוריק צום רויזען קוסט. אזוי ווי מיר ווילען איהם ניט שטערען זיין וואוקס, באַשליסען מיר צו לאָזען איהם וואַקסען פריי. מיר געבען איהם זיין פרייהייט נאָר אויף אַן איינפאַכען

וועג. מיר זעצען איהם אריין אין דער ערד און מיר לאָזען איהם וואַקסען. מיר שטערען איהם פון אונזער זייט אין קיין הינזיכט ניט, און דאָך וואַקסט אויס אַ קאַליקע. די צווייגלאך זיי־נען קליין, די בלעטלעך פול מיט לעכלעך און אויב עס באַווייזט זיך וואו ניט וואו אַ קנאָספּ, פאַלט ער אַרונטער נאָך איידער ער עפענט זיך. דאַן קומען מיר צו אַ געניטען גערטנער און מיר קלאַגען זיך אויף אונזער פּאַרזעהעניש. געגעבען איהם פולע פרייהייט צו וואַקסען, מיט קיין זאַך ניט געשטערט און דאָך איז ער אַרויסגע־קומען אַזוי אָרעם און קראַנק. און עס פרעגט אונז דער גערטנער:

— האָט איהר צוּאַקערט די ערד און אַוועקגעראַמט אַלע שטיי־נער, איידער איהר האָט דעם רויזען־קוסט פאַרזעצט?

— ניין.

— האָט איהר דורכגעמישט די ערד מיט די שטאָפּען, וואָס זיינען נויטיג צו מאַכען זי נאַהרהאַפט, אום די וואָרצלען זאָלען האָ־בען פון וואַנען צו שעפּען זייער חיונה?

— ניין.

—האָט איהר באַגאָסען די ערד, ווען עס איז קיין רעגען ניט געווען, אום די פלאַנצונג זאָל ניט דאַרען?

— ניין.

— האָט איהר אַרומגעריסען די שעדליכע גראָזען, וואָס זיינען געוואַקסען אַרום קוסט?

— ניין.

— האָט איהר פאַרניכטעט די קליינינקע פּאַראַזיטען, די פליג־לאַך און ווערעמלאַך וואָס האָבען גענעסען די בלעטער און די וואָרצלען?

— ניין.

— ווי אַזוי־זשע, ווער ווייטער פרעגען דער גערטנער, האָט איהר געקענט ערוואַרטען די פלאַנצונג זאָל וואַקסען נאָרמאַל?

—מיר האָבען דאָך איהר געגעבען פרייהייט, און אין קיין זאַך ניט געשטערט.

— ניין, וועט ערקלערען דער גערטנער, איהר האָט אייער רויזען־קוסט ניט געגעבען קיין פרייהייט צו וואַקסען, ווייל איהר האָט איהם ניט פאַרזאָרגט מיט די באַדינגונגען וואָס זיינען נויטיג

פאר זיין וואוקס. איהר האָט איהם געלאָזען אויף ה פ ק ר, און פון הפקרות קען מען קיין גינסטיגע רעזולטאַטען ניט ערוואַרטען.

## וואָס איז פרייהייט?

יעדער לעבעדיגע זאך איז פריי נור דאַן, ווען זי האָט די נויטיגע ב א ד י נ ג ו נ ג ע ן צו לעבען און וואקסען.

די פאַרטיידיגער פון דער יעצטיגער געזעלשאַפטס־אָרדנונג טענה'ען, למשל, אז מיר האָבען פאָלקאָמע אינדיווידועלע פרייהייט, מיר קענען טאָן וואָס מיר ווילען. קיינער זאָגט אונז ניט: דו מוזט זיין א שניידער אָדער דו מוזט זיין א שוסטער. דו מוזט ארבייטען 8 שעה א טאָג אָדער 16 שעה א טאָג. מיר קענען אליין אויסקלייבען, וואס מיר ווילען טאָן. זאָגען מיר אָבער, אז דאָס איז ניט קיין פרייהייט, ווייל מיר האָבען ניט די עקאָנאָמישע באַדינגונגען, וועלכע זאלען מאכען מעגליך פאר אונז אויסצוקלייבען. מיר טוען זאכען ניט ווייל מיר ווילען, נאָר ווייל די נויט, אָדער דער פארלאנג צו זיין רייך טרייבט אונז. אזוי צי אזוי, קלייבען מיר ניט אוים פריי לויט אונזער נאַטירליכע נייגונגען. אונזער אויסוואהל איז געשטערט פון אונזערע באַדינגונגען. מיר זיינען ניט פריי.

דאס פראבלעם פון פרייער ערציהונג איז אלזאָ ווי צוצופאסען דעם קינדס באַדינגונגען אזוי, אז עס זאָל קענען אָנגעשטערט ענטוויקלען אלע זיינע נאַטירליכע אוצרות צו דער העכסטער מ ע נ ל י כ ע ר שטופע.

## נאַטירליכע באַגרענצונגען.

מיר שטרייכען אונטער מ ע ג ל י כ ע, ווייל זעהר פיעלע ערציהערס רעכענען זיך אין גאנצען ניט מיט דיזען פונקט. זיי באַשטימען אויף פריהער, אז א קינד פון צעהן יאָהר דארף זיך געפינען אין אזא און אזא קלאס. דאָס הייסט, אז יעדער צעהן־יעהריג קינד דארף קענען אזוי פיעל און אזוי פיעל אריטמעטיק, אזוי פיעל און אזוי פיעל שרייבען, אזוי פיעל און אזוי פיעל געאגראפיע, א.

ז. וו. איי וואס איין קינד איז באגאבט פון דער נאטור מיט גרויסע מאטעמאטישע פעהיגקייטען, וועהרענד אויסלעגען ווערטער קריכט איהם ניט אין קאפ, און דאס צווייטע קינד פארמאגט אראטארישע פעהיגקייטען און איז טעמפ אין אריפמעטיקע, מיט יעם רעכענט מען זיך ניט. יעדער קינד מוז זיך ענטוויקלען לויט דעם זעלבען רעצעפט. דאס מיינט, אז דאס קינד איז ניט פריי צו ענטוויקלען זיינע נאטירליכע פעהיגקייטען צו דער העכסטער מ ע ג ל י כ ע ר שטופע. עס איז דאך פארשטענדליך, אז די נאטור האט ניט יעדען באשאנקען מיט די זעלבע פעהיגקייטען און וועהרענד פאר איינעם איז מ ע ג ל י ך צו ווערען א גרויסער מאטעמאטיק, איז פאר דעם צווייטען מ ע ג ל י ך צו ווערען א פראכטפאלער אראטאר.

פיעלע, וואס רעכענען זיך ניט מיט די נאטירליכע מעגליכ־קייטען דיינקען אויף אזא שטייגער: „איך וועל מאכען פון מיין קינד דאס און דאס. איך מוז זעהן מיין קינד זאל האבען א גוטען כאראקטער. מיר געפעלט קונסט, איך וועל מיין קינד זעהן פאר־אינטערעסירען אין קונסט און זאל עס ווערען א קינסטלער. איך גלויב אז פעדאגאגיע איז די דאנקבארסטע ארבייט פאר א פרוי, איך מוז פון מיין טאכטער מאכען א לעהרערין. שעמעוודיגקייט איז א גרויסער חסרון, מיין קינד טאר זיך ניט שעמען“. ווען מענ־שען ריידען זיך איין, אז זיי קענען טאן מיט די קינדער וואס זיי ווילען, שטעלען זיי זיך אין דער לאגע פון גרויסע אויטאריטעטען איבער זייערע קינדער און נאטירליך מוזען זיי באשטעהן דארויף אז די קינדער זאלען דורכפיהרען זייער פראגראם. ווי אפט וועט איהר הערען אזעלכע טענות.

„איך וויל פון דיר מאכען א גרויסע פיאנא־שפיעלערין. איך בין בארייט אלעס פאר דיר מקריב צו זיין, אבי נאר דו זאלסט זיך אויסצייכענען אין מוזיק. איך וויים, אז דאס וואלט דיר פארשאפען כבוד און גליק אין לעבען. און דו ווילסט ניט ארביי־טען, ווילסט ניט פראקטיצירען. צוליעב דיין ניט־פאלגען דיינע עלטערען, די איבערגעבענסטע און געטרייעסטע מענשען, וואס דו האסט, פארשפילסט דו דיין קאריערע, דיין צוקונפט“.

און פונקט אזוי נאטירליך, ווי עס איז פאר אזעלכע מענשען

צו פאַדערען, אז דאָס קינד זאָל צוליעב זיין איינענעם גליק זיך
לאָזען אויסניסען אין א פורם, וועלכען די עלטערען האָבען פאַר
איהם צוגעגרייט, זיך לאָזען אויספאַרמירען לויט א באשטימטען
מאָדעל, פונקט אזוי נאַטירליך איז די ענטוישונג, וואָס קומט שפּע־
טער. דאָס מיידעל איז קיין מוזיקאַלישע גרויסקייט ניט געוואָרען,
ניט ווייל זי האָט טאַטע־מאַמע ניט געפאָלגט, נאָר ווייל איהר האָט
געפעהלט דער אנגעבוירענער טאַלאַנט, *די נאַטירליכע
מענליכקייט*. אבער די וואס האָבען זיך אונטערגענומען צו
געבען איהר גליק אויף זייער איינענעם שטיינער זיינען צובראָכען.
זייער ארבייט האָט זיך זיי ניט איינגעגעבען, זייערע האָפנונגען
זיינען צושמעטערט.

יעדער קינד באַזונדער דאַרף האָבען פרייהייט צו עררייכען די
העכסטע שטופע פון *זיין* פאָלקאָמענהייט. מען קאָן ניט
טרייבען דאָס קינד, מען קען עס ניט ערציהען „צו אָרדער“. יעדער
וועט עררייכען די שטופע צו וועלכער זיינע נאַטירליכע פעהיגקייטען
קאָנען איהם ברייננגען. מען מוז אָלע מאָל געדענקען, אז מיר
קענען דעם קינד ניט געבען אזעלכע מעלות, צו וועלכע עס האָט ניט
קיין נאַטירליכע נייגונג. מיר קענען דאַרויף קיין „נייעם קאָפּ
ניט ארויפזעצען“.

ווען די שרייבערין פון די שורות איז געוועזן נאָך א קליין קינד,
האָט איהר פאַטער באַגעגנט זיינעם א חבר און האָט פאַר איהם,
ווי דער שטיינער איז, געלויבט זיין טאָכטער. דער חבר איז
נעפאַלען אויף א שכל. „הער נאָר, אויב דיין קינד איז פעהיג און
לערענט זיך גוט, פאָלג מיך און שיק איהר אוועק אין א קאָנסערוואַ־
טאָריום. זאָל זי אויסוואַקסען א זינגערין. דאָס איז היינט א
טייערע פרנסה און א צירונג פאַר דער משפחה“. יעדער קען
זעהען די לעכערליכקייט פון דעם פּלאַן דאָרט, וואו די נאַטור האָט
ניט באַשאָנקען דאָס קינד מיט קיין גוטען געהער אָדער שטים.
מאַכען אָבער פון זוהן א דאָקטאָר דער מעדיצין, אָדער פון דער
טאָכטער א לעהרערין, בעת זייערע נאַטירליכע נייגונגען ציהען גאָר
צו אנדערע געביעטען, איז א געוועהנליכע זאַך. דאָס איז אָבער
פונקט אזוי פאַלש.

יעדע לעבעדיגע באשעפעניש, צי איז דאָס א פּלאַנצינג, א חיה

אָדער א מענש, קומט אויף דער וועלט מיט באשטימטע אינערליכע נייגונגען און מיר קאָנען נאָר באהילפיג זיין דיזע נייגונגען צו ענט־וויקלען. מיר קענען בשום אופן ניט שאַפען קיין נייע נייגונגען.

אונזער ראָל אלס העלפער צו דער נאטור איז אָבער זעהר א גרויסע און זעהר א וויכטיגע. פארשטעהען מיר נים ווי דורכ־צופיהרען אונזער ארביים, שטערען מיר אָפט דעם פּראָצעס פון ענטוויקלונג און מיר ברעננען אונזערע קינדער שאדען, אנשטאט נוצען. געוועהנליך זיינען מיר צופרידען, ווען די קינדער וואקסען אוים „ביים וועג", מיטעסמעסיג, און מיר רעכענען, אז מיר האָבען געטאָן אונזער פולע פליכט. ווער ווייסט אָבער וויפיעל מיטעל־מעסיגקייטען עס האָבען געקאָנט אוועק נאָר ווייט, ווען זיי וואָלטען געוועז האָבען די פולע פרייהייט צו ענטוויקלען אלע זייערע אינער־ליכע אוצרות? אמת, דער זשעני אָדער דער גרויסער טאלאנט וועט זיך מעהרסטענס דורכשלאָגען דורך פיעלע שוועריגקייטען, אָבער, צווישען זשעני און מיטעלמעסיגקייט זיינען פאראן אזוי פיעל שטופען און עס ווענדט זיך אָן דער ערציהונגס־ארבייט פון די וואָס זיינען פאר דעם קינד פאראנטוואָרטליך, אויף וועלכער שטופע דאָס קינד וועט בלייבען שטעהן.

## הויפּט־באדינגונגען פון פרייהייט.

די הויפּט באדינגונגען פון פרייהייט זיינען אומגעבונג און נאהרונג.

ווען אונזער רויזען־קוסט וואקסט אין גוטער, צוּאקערטער ערד, קיין שעדליכע גראָזען אדער פליגלאך זיינען ארום איהם ניטאָ, און דערצו נאָך האָט ער גענוג זונען־שיין און וואסער, האָט ער די נאהרונג און די אומגעבונג, וועלכע געבען איהם די מעגליכקייט פריי צו וואקסען. דאָס הייסט, פריי ענטוויקלען די כוחות מיט וועלכע די נאטור האָט איהם באזאָרגט.

דאָס קינד, ווי יעדער חיה אָדער פלאנצונג, קומט אויך אויף דער וועלט מיט באשטימטע איינגעבוירענע פעהיגקייטען, מיט א באשטימטער קראפט צו וואקסען און ענטוויקלען זיך. וואָס אונז בלייבט צו טאָן איז געבען איהם סיי די פיזישע, סיי די גייסטיגע

נאַהרונג, נאָך וועלכער עס הונגערט, און געבען איהם די הויכבל־
בונג, אין וועלכער עס קען וואַקסען פריי און אונגעשטערט. אויף
טוּן אופן וועט עס קענען ענטוויקלען זיינע איינגעבוירענע קרעפ־
טען. פונקט ווי עס איז ניט נויטיג צו טרייבען דאָס קינד אום
עסען, ווען נור מען גיט איהם די ריכטיגע שפּייז צו באַפרידיגען זיין
פיזישען אַפּעטיט, אַזוי איז עס אויך ניט נויטיג איהם צו טרייבען
צו באַפרידיגען זיין גייסטיגען הונגער אַבי נור מען פּאַסט צו די
ריכטיגע גייסטיגע שפּייז. נאַטירליך, העלפט איינס שטאַרק [illegible]
פון דעם צווייטען. דעם קינד'ס גייסטיגע ענטוויקלונג ווערט זעהר
פיעל געשטערט אויב עס איז פיזיש ניט פריי אָדער ניט געזונד.
„אין אַ געזונטען קערפּער געפינט זיך אַ געזונטער גייסט". דעם
קינד'ס געזונד ווידער, העלפט זעהר פיעל צו פון דעם ווי עס פיהלט
זיך גייסטיג. ווען אַ קינד איז אונצופרידען, אויפגערעגט, ווערט עס
נערוועז, עס שלאָפט ניט גוט, דער בלוט־פאַרקעהר ווערט גע־
שטערט און אָפט רופען זיך אויס שלעכטע שטערונגען אויף אַפּ אויך זיין
מאַגען. ווען איינער ערגערט זיך בשעת'ן עסען, פאַרדייט ער
זיין שפּייז פיעל ערגער, ווי ווען ער עסט אין אַ גוטער שטימונג.

## אומגעבונג.

אין פאַל פון רויזען קומט האָבען מיר שוין געזעהן אַז אום צו
האָבען די פ ר י י ה י י ט צו ערייכען די העכסטע שטופע
פון זיין פאָלקאָמענהייט מוז ער האָבען די צופּאַסענדע א ו מ־
ג ע ב ו נ ג.

יעצט לאָמיר נעמען אַ ביישפּיעל אויף אַן אַנדער געביט.
ווען איהר גיט אַ הינטעל אַ גרויסען פרייען פּלאַץ וואו אַרומצולוי־
פען, וועט עס ענטוויקלען זיינע באַוועגונגען ביז צו דער העכסטער
פאָלקאָמענהייט. עס וועט ענטוויקלען פלינקהייט, גראַציע, און
זיין בילען וועט עדות זאָגען, אַז עס איז פול מיט פרייד, ווייל עס
געהט אונגעשטערט צו זיין לעבענס־ציעל, צו דער העכסטער ענטוויק־
לונג פון זיינע נאַטירליכע נייגונגען.

נעמט אָבער אַ פישעלע און גיט דעם דיזעלבע פרייהייט צו
פליהען, וועט דאָס זיין זעהר ווייט פון זיין גליק, עס וועט כלי

נים זיין פריי. דאָס פייגעלע מוז האָבען צווייגעלעך, אויף וועלכע זיך אַפּצורוהען. וועט עס אימער זיין געצוואונגען זיך אראָפּצו־לאָזען אויף דער ערד, ווען עס וויל מעהר נים פליהען; וועט עס נים האָבען די מעגליכקייט צו ענטוויקלען זיינע נאַטירליכע נייגונ־גען ביז צו זייער פאָלקאָמענהייט, וועלען די מענער פון זיינע ליעדער נים דערצעהלען אונז וועגען לעבענס־פרייד. זאָגאר אין די שטייגעלאך, וואו מיר האַלטען די פייגעלאך ארעסטירט, באזאָרגען מיר זיי מיט צווייגעלאך, ווייל מיר ווייסען, אז דאָס איז א נויט־ווענדיגקייט אין דער אומגעבונג פון דעם פייגעלע, אָהן וועלכער עס קאָן נים אויסקומען.

וועלכע באדינגונגען געבען מיר אָבער אונזערע קינדער? פארזאָרגען מיר זיי מיט די צווייגעלאך, וועלכע זיינען נויטיג פאר זיי, זיי זאָלען קענען נעהן פריי און אונגעשטערט צו זייער לעבענס־ציעל? שאפען מיר פאר זיי אן אומגעבונג, וועלכע זאָל זיי העלפען אויסצונוצען זייער פרייהייט? שטע־ען מיר נים דעם פראצעס פון זייער ענטוויקלונג זאָגאר ווען מיר לאָזען זיי פריי, נאָר מיר באזאָרגען זיי נים מיט די נויטווענדיגע באדינגונגען פאר פרייהייט?

ווי מיר האָבען אויבען באהויפּטעט איז עס נים גענוג צו גע־בען דעם קינד פרייהייט. מיר מוזען איהם געבען די מעגליכקייט צו באנוצען זיין פרייהייט אויף אזא אופן, אז עס זאָל ענטוויקלען אלע זיינע נאַטירליכע קרעפטען, — די פיזישע אזוי גוט ווי די גייס־טיגע. מיר מוזען פאר דעם קינד שאפען א ספעציעלע אומגעבונג, צונעפּאסט צו זיינע נאַטירליכע נייגונגען, און ערשט דאן איהם לאָזען פריי וואקסען און זיך ענטוויקלען.

אזא אומגעבונג קען אמבעסטען געשאפען ווערען אויף א גע־זעלשאפטליכען שטייגער. אָהן צווייפעל וואָלט די שול נעדארפט זיין דער פלאץ, וואו דאָס קינד באקומט אלע וויסענשאפטליך צו־געפּאסטע באדינגונגען, וואָס זיינען נויטיג פאר זיין פאָלקאָמען פי־זישען און גייסטיגען וואוקס. די שול וואָלט געקענט ווערען אן איינריכטונג, וואו דאָס קינד לעבט און וואקסט, וואו עס בילדעט זיך לויט זיינע איינגעבוירענע פעהיגקייטען. און נים א געביידע מיט קלאסען וואו מען צווינגט די קינדער שעה'ן לאנג צוהערען זיך

וואָס קלוגע מענשען האָבען זיי צו זאָגען, צו די קינדער ווילען עס צו ניט. די שול וואָלט אויך געדאַרפט אָרגאַניזירען דעם קינד'ס לעבען אויף דעם גאַנצען טאָג, צופּאַסען אַן אומגעבונג פאַר פרייער שפּיעל אויף דער פרישער לופט. דערווייל זיינען אוזעלכע שולען אָבער אויסנאַמען און נור איינצעלנע קינדער זיינען געבענשט מיט אַ גוטער ערציהונג.

די מעהרסטע קליינוואַרג זיצען ענטוועדער פאַרשפּאַרט אין אַ נייסטינגער תפיסה, וואָס רופט זיך שול, אָדער זיי בלייבען אין גאַס אויף הפקר, „אויף גאָט'ס באַראַט". וואו ניט וואו געפינען זיך שוין אָרגאַניזירטע שפּיעל פּלעצער (פּליי גראַונדס). זעלטען אָבער ווען אויף די שפּיעל פּלעצער געפינט זיך ווער עס זאָל אויף די קינדער אויפפּאַסען, ווער עס זאָל זיין זייער וועג־ווייזער. און אויפ־פּאַסונג מוזען קינדער האָבען, וואו זיי זאָלען זיך ניט געפינען. יע־דענפאַלס זיינען די שפּיעל פּלעצער אַ גרויסער פּאָרטשריט אין פאַרגלייך מיט דער אָפּענער גאַס. עס זיינען דאָרט ניטאָ די גע פאַהרען פון דער גאַס און אַלעס איז אַזוי צוגעפּאַסט, אַז דאָס קינד מאַכט גימנאַסטיקע, עס אָטעמט פריי, עס קלעטערט, שפּרינגט און מאַכט אַלע יענע איבונגען אויף דער פרישער לופט, אין וועלכע זיין אָרגאַניזם נויטיגט זיך. דאָס קינד ערפילט דערמיט אַ טייל פון די ציעלען, וואָס די נאַטור האָט פאַר איהם אָנגעצייכענט, זעהר אַ נויטיגען און ניצליכען טייל, — עס ענטוויקעלט זיינע פיזישע כוחות.

מיר לעבען אָבער ניט אַלעמאָל אין דער פרייער נאַטור. פונקט ווי אונזערע קינדער זיינען גענייגט צו איבען און באַוועגען זיך אין דער אָפענער לופט, האָבען מיר אויך אַ נייגונג צו לעבען אין היי־זער. ווינטער איז אונז קאַלט, זומער איז אונז הייס. מיר שטרע־בען גאַנץ נאַטירליך צו פאַרמיידען דעם ניט אַנגענעמען געפיהל פון היץ אָדער קעלט. אַזוי צו אַזוי, פון דור דורות האָבען מיר גע׳האַל־טען אין איין ענטוויקלען אַן אומגעבונג, וואָס זאָל באַפרידיגען אָט די נייגונג אונזערע צו באַהאַלטען זיך צייטענווייז פון דער אָפענער נאַטור. מיר האָבען עררייכט די הויכע שטופע פון דער מאָדערנער וואוינונג מיט דאַמף־באַהייצונג (סטים) און עלעקטרי־ציטעט, מיט שעהן מעבעל, אייז־קאַסטענס און אַנדערע באַקוועמ־

ליבקייטען. וואָס טוען מיר אָבער צונויפפּאַסען די היים צום לעבען און וואַקסען פון קינד? פיעלע מוטערס קלאָגען זיך, אַז די קינדער ווערען ווילד אין הויז. דאָס איז פון זיי אין שטוב ניט אויסצו־האַלטען. דאָס קינד שפּרינגט אויף די בענקלעך, אויף די טישען, עס ברעכט די שעהנע וואַזעס און פיגורען, וואָס באַפּוצען דעם „פּאַרלאָר", עס קעהרט מעשים.

אַ שטרענגע מאַמע לאָזט ניט. זי שרייט, זי פאַרוועהרט, און, גאַנץ אומבאַוואוסט פאַר זיך אַליין, באַרויבט זי דערמיט דאָס קינד פון דער מעגליכקייט פריי צו באַוועגען זיך און אויסצואיבען זיין ענערגיע. אַן אַנדערע מוטער „לאָזט לויפען", און טראָגט דעם וואָס זי איז מקריב איהר מעבעל, באַפריעדיגט זי דאָך ניט דעם קינדס נאַטירליכע באַדערפניש.

וואָס דאָס קינד באַדאַרף אין דעם הויז, איז אַזאַ אומגעבונג וואָס איז צוגעפּאַסט פאַר פרייער און גראַציעזער באַוועגונג. אָבער די שטולען, טישען, קאָמאָדען און אַנדערע מעבעל, וואָס מיר, ערוואַקסענע, נוצען, זיינען צו גרויס פאַר דעם קינד. עס קען זיך מיט זיי ניט באַנוצען און אַלעס וואָס עס בלייבט פאַר'ן קינד צו טאָן, איז צו קלעטערען און צו שפּרינגען אויף זיי, ווי אויף טרעפּ, בערג, הוידעלקעס א. ד. גל. דאָס קינד זוכט צו מאַכען פון דעם הויז דעם זעלבען פרייען שפּיעל־פּלאַץ וואָס עס געפינט, מיט אַזוי פיעל נוצען פאַר זיך, אין דער גאַס.

שטעלט אייך פאָר, ווען מען לאָזט אונז אַריין אין אַ צימער, וואו די שטולען זיינען אַזוי גרויס, אַז אום זיך אַנידערצוזעצען מוזען מיר אויף זיי אַרויפקלעטערען. און זיצען מיר שוין אויף אַ שטול, איז דער טיש אַזוי הויך, אַז קוים וואָס מיר גרייכען צו איהם מיט דער נאָז, און פון אַזאַ טיש דאַרפען מיר עט שלעפען אַ לעפעל זופּ צום מויל. ווידער אויסצושטרעקען די האַנד און שרייבען אויף דעם פּאַפּיער וואָס ליגט אויפ'ן טיש. און ווילען מיר אַרויסציהען אַ שופלאָד פון אַ קאָמאָד אָדער שרייב־טיש, איז דאָס אונמעגליך, סיי־דען מיר מאַכען גרויסע אָנשטרענגונגען. אין אַזאַ פאַל וואָלטען מיר אסור געפיהלט זיך זעהר פריי אין אונזערע באַוועגונגען, און וואָל־טען ניט געפיהלט קיין גרויס ליעבע צו דער אומגעבונג. ווייניגער פון אַלץ וואָלטען מיר זי געשאָנעוועט. מיר וואָלטען געטאָן ווי די

קינדער: מיר וואָלטען אַרויפגעקלעטערט אויפ'ן טיש און זיך געזעצט אויף אַלע פיער אום צו שפּיהלען כּאַטש עטוואס באַקוועם. דעם שפּיגעל וואָלטען מיר מכבד געוועזען מיט וואָס ס'וואָלט אונז אַריינגעפאַלען אין דער האַנט אַריין. וואָס טויג אונז דער שפּיגעל אַז מיר קענען זיך ניט זעהן אין איהם? עס רעגט נאָר אויף. און מיט די אַנדערע זאַכען וואָלטען מיר זיך אויך ניט בעסער באַגאַנ־גען. און וואָלטען מיר געוועזען מאָליד געגוג צו פאַרשטעהן, אַז עס איז ניט פיין זיך אַזוי צו באַגעהן מיט ניצליכע זאַכען, וואָלטען מיר געקלאָגט און געוויינט, אַז מיר האָבען קיין פרייהייט ניט צו טאָן וואָס מיר דאַרפען., און ווער ווייס וויפיעל אונזערע נערווען וואָל־טען דערביי געליטען. און, אַזוי ווי דאָס קינד איז אויך „ניט מעהר ווי אַ מענש", איז עס גרינג זיך פאָרצושטעלען, ווי שווער אויף איהם מוז ווירקען דער פאַקט, אַז עס דרעהט זיך אימער אַרום אין אַ הויז מיט זאַכען, געמאַכט פאַר מענשען וואָס זיינען אַזוי פיעל גרעסער פון איהם, און פאַר איהם טויגען זיי ניט.

ווי מיר זעהען אַלזאָ האָלט עס מיט דעם קינד'ס היים ניט פיעל בעסער, ווי מיט דער שול און מיט דער גאַס. וועהרענד אָבער די עלטערען זיינען מעהרסטענס מאַכטלאָז קעגען דער שול און קענען אויך וועניג טאָן צו פאַרבעסערען די גאַס, קענען אייניגע פון זיי זיך מאַרגינען צו פאַרבעסערען דעם קינדס אומגעבונג ביי זיך אין הויז.

קיין אָפּפער קען ניט זיין צו גרויס אום צו געבען דעם קינד אַ היים. מען דאַרף טאָן אַלעס מעגליכע צו געבען איהם אַ באַ־זונדער צימער מיט קליינינקע, לייכטע מעבעל. אַ צימער, וואו עס שטעהט דעם קינד'ס בעטעל און דערביי אַ גרויסער קאַסטאַן, אַ גרויסער שאַקעל־שטול, אַ גרויסער שרייב־טיש, א. ד. גל. איז נאָך אַלץ ניט דעם קינד'ס צימער. אַלץ, אבסאָלוט אַלץ דאַרף זיין צוגע־פאַסט צום קינד'ס וואוקס, צו זיין גרויס. דאָס מעבעל מוז זיין אַזוי קליין און אַזוי לייכט, אַז דאָס קינד זאָל זיך קענען דערמיט באַגעהן ווי מיר ערוואַקסענע באַגעהען זיך מיט אונזער מעבעל. וויל עס זעצען זיך, דאַרף עס קענען אָוועקרוקען דעם שטול. וויל עס צו־טראָגען דעם שאָקעל־שטול צום פענסטער, דאַרף עס ניט זיין איבער זיינע כחות. וויל עס אַ קוק טאָן אויף אַ בילד, דאַרף דאָס בילד

הענגען אזוי נידריג, אז דאָס אויג זאָל עס לייכט קענען באטראכ־
טען. און ווען דאָס קינד קומט אין די יאָהרען, ווען עס הויבט אָן
צו „שטודירען“, דארף דער שרייב־טיש זיין קליין געגוג, דער
תלמיד זאָל זיך פיהלען באקוועם. מיט איין וואָרט, די גאנצע אויס־
שטאטונג דארף זיין צוגעפּאסט צום קינדס וואוקס און צו זיין
עלטער.

נאָר אין אזא אומגעבונג וועט זיך דאָס קינד פיהלען פריי
און עס וועט ניט קלעטערען, ניטווארפען, ניט ברעכען — עס
וועט זיך צופּאסען צום לעבען אין א הויז, און גלייכצייטיג וועלען
זיינע באוועגונגען ענטוויקלען זיך לייכט און גראציעז. דאָס פיהלען
זיך פריי און לייכט וועט דעם קינד געבען אָן אינערליכע רוהיגקייט,
וועלכע העלפט בויען זיין כאראקטער, און זיינע נערוועז וועלען
דערביי זיין פעסטער, נאָרמאלער.

מאנכע קוקען אויף די קינדערשע מעבעל ווי אויף שפּיעלצייג.
מען קויפט אמאָל א שטולכעל אָדער א ראקערעל „אָט גלאט אזוי“
— זאָל זיך דאָס קינד שפּיעלען. דאָס איז א פאלשער שטאנד־
פּונקט. מען דארף קוקען אויף דעם קינד'ס צימער און זיין מעבעל
זעהר ערנסט, ווייל דאָס קינד וואקסט, עס האלט אין ווערען א
מענש און זעהר, זעהר פיעל הענגט אָפּ פון דעם, ווי עס לעבט
בשעת עס וואקסט. לאָזט דאָס קינד ארבייטען ביי זיין אייגענעם
טיש, גיט איהם אָן אָרט וואו עס קען לייכט אויפהענגען און אראָפּ־
נעמען זיינע קליידער ווען עס דארף, זאָל עס קענען אויפהויבען
זיין שטול ווען נויטיג, און ז. וו. און עס וועט וואקסען פיעל
זעלבסטשטענדיגער, און וועט ווייניגער אָנקומען צו א צווייטענס
הילף.

געוויס וועלען פיעלע לעזער, באזונדער פון די, וואָס וואוינען
אין גרויסע שטעדט, שמייכלען און זאָגען: „עס איז אזוי אויך
ניטאָ וואו זיך אהינצוטאָן, דערצעהלט מען אונז פון באזונדערע
צימערען פאר די קליינע“.

יא, די וואָס וואוינען אין דריי, פיער „רומקעס“, מיט 5—6 קינ־
דער, קענען דאָס זיכער ניט אויספיהרען; מען איז צופרידען, אז
מען האָט וואו צוצושטעלען די בעטען אויף ביינאכט. אָבער אין
אזעלכע „היימען“ זיינען דאָך די גרויסע אויך אויף צרות. ווער

יעדט דארט וועגען געזונטע נערווען, וועגען איינערליבער רוהיגקייט אין בפרט נאך וועגען גראציעזע באוועגונגען. פארזען אבער א כך, וועמעס פארדינסטען זיינען אפילו אביסעל קלענער פון ראקע־פעלער'ס, און דאך לעבען זיי באקוועם. זיי האבען א זאל, וואו קיינער שלאפט ניט, אדער א באקוועמען פארפוצטען עס־צימער, און דערצו האבען זיי ניט מעהר ווי איינס אדער צוויי קינדער. ביי אזעלכע אומשטענדען קען מען זיך אנטאן א כח, אפשאפען דעם זאל אדער אריינשטעלען פאר זיך א „דער־וועגפארט" אדער אן אנדער צוזאמענגעלעגטע בעט אין עס־צימער און אפטיילען איין צימער, ווי ווייט מעגליך א גרויסען און לופטיגען, פאר דאס קליינווארג. ווען ניט, גיט מען זיך אן עצה אין מען דינגט טאקע א וואוינונג מיט א צימער מעהר. עלטערען, וועלכע לעבען מעהר אדער ווייניגער באקוועם, דארפען נאר באגרייפען ווי וויכטיג אזא אומגעבונג איז פאר זייער קינד, און זיי וועלען שוין געפינען וועגען ווי אזוי עס דורכצופיהרען. און איז א באזונדער צימער דורכאויס אונמעגליך, גיט אפ דעם קינד א באזונדער ווינקעל פאר זיין מעבעל און שפיעלצייג.

## גייסטיגע נאהרונג.

א חוץ דער אומגעבונג מוז דאס קינד האבען גינסטיגע פיזישע און גייסטיגע נאהרונג. מיר וועלען זיך דא ניט פארנעמען מיט דער פראגע פון פיזישער שפייז, ווייל דאס באלאנגט צו דער פיזי־שער ערציהונג פון קינד, וועהרענד דיזער בוך האנדעלט נאר מיט גייסטיגער ערציהונג.

פונקט ווי דאס קינד מוז האבען נאר א ז א און נאר א ז ו י פ י ע ל פיזישע נאהרונג ווי זיין מאגען קען פאר־דייהען, מוז עס אויך באקומען נאר א ז א און נאר א ז ו י פ י ע ל גייסטיגע נאהרונג ווי זיין גייסט קען פארדייהען. יעדע זאך מוז זיין צוגעפאסט צו זיין עלטער און צו זיין ענטוויקלונג און עס דארף אויך ניט האבען צופיעל געגענשטאנדען.

אום צו באפרידיגען דעם קינדס גייסטיגען הונגער מוזען זיך אין זיין אומגעבונג געפינען גענוג געגענשטאנדען, וואס זאלען

ציהען זיין אויפמערקזאמקייט, איהם פאראינטערעסירען און איהם שאפען ארבייט, דורך וועלכער זיין גייסטיגער הונגער וועט ווערען צופרידענגעשטעלט. די ארבייט דארף זיין אזא וואס זאל העלפען דעם קינד זיך גייסטיג פארפאלקאמען, דאס הייסט ענטוויקלען זיינע חושים אזוי גוט ווי זיינע אינטעלעקטועלע פעהיגקייטען.

אזוי, זאגען מיר, דעם קינדס אויג זוכט זיך אויף וואס צו אנ־שטעלען, דארפען זיך אין צימער געפינען שעהנע בילדער, וועלכע זיינען פאר דעם קינד פארשטענדליך און צו וועלכע עס קען לייכט צוקומען. אויך דארפען זיך געפינען שעהנע קליינע געגענשטאנדען צו באפוצען דאס צימער ווי א וואזע מיט בלומען, א מעשען לייכ־טערל און דערגלייכען. אלע אזוינע זאכען וואס וועלען באפריידי־גען און ווייטער ערציהען דעם קינדס עסטעטישען געשמאק.

און וויל דאס קינד הערען קלאנגען דארף עס פארמאגען גלאָ־קען, וואס געבען ארויס הארמאנישע קלאנגען און וואס מעהר עס ענטוויקלען זיך זיינע פעהיגקייטען צו באנעמען קלאנגען, אלץ מעהר דארף עס געזאנג און אינסטרומענטאלע מוזיק.

אום צו קענען באאבאכטען דעם פראצעס פון לעבען און וואוקס דארף עס האבען טעפלעך אדער קעסטלעך מיט פארזעעטע בלומען אדער גרינסען; לעבעדיגע פישלעך, א שנעק, א טשערע־פאכע, א קעצעל, א הינטעל. און הויפטזעכליך מוז עס האבען גענוג געגענשטאנדען פאר זעלבסטשטענדיגער שפיעל און ארבייט.

זאכען, מיט וועלכע אן עלטערער קען מאכען פארשיידענע קונצען און דערמיט אמוזירען דאס קינד, זיינען ווייט ניט צוגעפאסט צו ענטוויקלען דעם קינד'ס פעהיגקייטען, צו באפרידיגען זיין גייס־טיגען הונגער. אלעס וואס דאס קינד פארמאגט מוז זיין אויסשליס־ליך פאר ז י י ן ז ע ל ב ס ט ש ט ע נ ד י ג ע ר ארבייט. גענויע־רעס וועגען דעם וועט דער לעזער געפינען אין קאפיטעל וועגען שפיעל און ארבייט.

## אויפפאסונג און אנווייזונג.

וואס פאר א גוטע אומגעבונג מיר זאלען ניט שאפען פאר די קינדער, קענען זיי זיך דאך ניט באגעהן אהן דער אויפפאסונג

און די אָנווייזונגען פון אן עלטערען. דער עלטערער, דער ערציהער דארף אָבער ניט זיין קיין אויטאָריטעט, וועמענס באפעהלען דאָס קינד מוז דורכפיהרען, נאָר אן אויפפאסער, גרייט צו געבען א גוטע עצה אָדער יעדער אנדער הילף אין וועלכער דאָס קינד נויטינט זיך.

מען דארף אויפפאסען דאָס קינד זאָל האלטען זיינע זאכען אין אָרדנונג; ווען עס שפּיעלט מיט אנדערע קינדער זאָל עס זיי ניט שטערען, עס זאָל זיך אויסלערנען רעספּעקטירען א צווייטענס רעכט. מען דארף איהם אָנווייזען ווי צו פיהרען זיך, ווי צו נוצען די פארשיידענע געגענשטאנדען, ווי צו ראמען דאָס צימער, שייערען, פּראָשען, און ז. וו. מען טאָר אָבער ניט פאָדערען פון קינד, עס זאָל טאָן מעהר, ווי זיין ענטוויקלונג אדער זיינע כחות ערלויבען איהם. מען דארף זיך היטען פון געבען דעם קינד צופיעל אָנווייזונגען אָדער ניט קיין געבעטענע עצות. מען דארף איהם קיין מאָל ניט זאָגען, — טו דאס און דאָס, אָדער שפּיעל זיך מיט די און די שפּיעלצייג. אנשטאט דעם זאל מען אימער ווארטען ביז דאָס קינד קלייבט אליין אויס זיין שפּיעל אָדער ארבייט, און דאַן איהם ארויסהעלפען מיט אָנווייזונגען, ווי צו טאָן אזא זאך, וואָס עס ווייסט נאָך אליין ניט ווי צו טאָן.

---

ווען מען לאָזט דאָס קינד אליין פריי אויסקלייבען וואָס צו טאָן, וועט עס זעלטען זיך נעמען צו א זאך, וואס איז איבער זיינע כוחות, און נעמט עס זיך יא צו אזא טעטיגקייט וועט עס זיך באלד איבערצייגען אז די אויפגאבע איז צו א שווערע און עס וועט ווארפען די ארבייט און זיך נעמען צו א צווייטער.

---

אזוי למשל האָט די דריי יעהריגע ש., זיך שטארק מסקנא געווען אין די קינדער וואס זיינען געשפּרונגען איבער א שטריק. די מוטער האָט איהר געווארענט, אז זי איז ניט ענטוויקעלט גענוג פאר אזא גימנאַסטיקע, דאָך האָט דאָס קינד באשטאַנען אויף איהרען, אז זי וויל א שטריק. זי האָט דעם שטריק באקומען און געפּרובירט שפּרינגען. ווי זי האָט זיך אָבער איבערצייגט, אז דער מין ספּאָרט איז פאר איהר ניט דורכפיהרבאר, האָט זי דעם שטריק אוועקגעלעגט און זיך באלד גענומען פאר אן אנדער ארבייט. וואָלט די מוטער ענטשיידען ענטזאגט דעם קינד אין

שטריק, וואָלט זיך די טאָכטער געפיהלט געקריינקט און זי וואָלט נאָך מעהר מקנא געווען די גליקליכע שפרינגערס.

געוויס מוז מען אימער אויפפּאַסען אויף דעם קינד און איהם אָנווייזען וואָס איז ריכטיג צו טאָן און וואָס ניט, וואו עס איז פאַראַן אַ געפאהר, וואו מען דאַרף נוצען ריכטיגע אויסדריקען, און ז. וו. אום אָבער דאָס קינד זאָל זיין ווירקליך פריי, דאַרף מען אויף ווי ווייט מעגליך זיך אָפּהאַלטען פון געבען איהם באַפעהלען, וועלכע עס מוז דורכפיהרען. אויב עס וויל די אָנווייזונגען ניט אָנ־נעמען און קיין געפאהר איז דערביי ניט פאַראַן, דאַרף מען איהם לאָזען פּרובירען זיינע כוחות, און זאָל עס זיך אַליין איבערצייגען וואָס עס קען טאָן און וואָס עס קען ניט טאָן.

## שטראָף און באַלוינונג.

נאָך אַ באַדינגונג פאַר פרייער ערציהונג איז ניט צו פאַר־שפּרעכען דעם קינד קיין באַלוינונג פאַר פאָלגען און שטראָף פאַר ניט פאָלגען. ווי קען דאָס קינד זיין פריי צו טאָן, וואָס זיינע געפיהלען אָדער זיין פאַרשטאַנד דיקטירען איהם, ווען פאַר זיינע אויגען שטעהט אַ נאַשעריי, אַ שעהן שפּיעלצייג אָדער די סכנה צו זיין פאַרשפּאַרט אין אַ צימער, ניט געהן שפּיעלען מיט די קינדער, א. ד. גל.?

ווען מען זאָגט אונז, אַז מיר קענען ריידען אָדער שרייבען וואָס מיר ווילען, נאָר מיר מעגען ערוואַרטען אַז פאַר אויסדריקען געוויסע געדאַנקען דורך וואָרט אָדער שריפט וועט מען אונז איינשפּאַרען אין געפענגניס, האָבען מיר דען רעדע און פרעס פרייהייט? פּונקט אַזאַ פרייהייט האָט דאָס קינד, ווען עס ערוואַרטעט באַלוינונג אָדער שטראָף.

פאַרשטעהט זיך, אַז ווען מען זוכט אַרויפצוצווינגען אויף דעם קינד באַשטימטע אַרבייטען מיט אַ באַשטימטער דיסציפּלין, ניט רעכענדיג זיך מיט זיינע איינגעבוירענע אינערליכע נייגונגען, מוז מען איהם אָפּקויפען מיט אַ באַלוינונג אָדער אָנשרעקען דורך שטראָף. ווען ניט ענטזאָגט זיך דאָס קינד אָנצונעמען די קלוגע עצות. שאַפט מען אָבער פאַר דעם קינד אַזאַ וועלטעל, אין וועל־

כען עס נעפינט אלעס, וואס עס דארף צו ענטוויקלען אלע זיינע נאטירליכע כוחות, איז עס צופרידען, טעטיג און גוטמוטיג און עס נעמט די ריכטיגע גייסטיגע נאהרונג אהן שום לוין אדער שטראף.

אין די געוועהנליכע אלטע קינדער שולען, צום ביישפיעל, מוז מען האבען שטראף מיט באלוינונג. עס איז אזוי אוננאטירליך פאר קינדער צו זיצען צוגעשמידט צו זייערע שטולען און ניט ריהרען זיך; צוצוהערען זיך צו די לערערס, צו זיי זיינען דאס גראד דאן גענייגט צו טאן צו ניט; צו לערנען די זעלבע נעגענ־שטאנדען אין דער זעלבער צייט, און אויף דעם זעלבען אופן וואס אלע אנדערע קינדער לערנען אהן שום אכטונג אויף די פארשיי־דענע אינדיווידועלע אייגענשאפטען פון יעדען קינד באזונדער, אז ווען ניט דאס ארויסקוקען אויף א הויכען מארק (קען־צייכען) אדער די שרעק פאר א שלעכטען מארק מיט אלע אנדערע מינים לוין און שטראף, וואלטען די קינדער וואהרשיינליך ערקלערט א סטרייק און וואלטען זיך איננאנצען צולאפען פון די שולען.

ווען מיר קומען אבער אין די נייע, פרייע שולען, וואו אלעס איז אזוי צוגעפאסט אז דאס קינד זאל זיך פיהלען פריי און זאל אליין וועלען לערנען און ארבייטען, געפינען מיר, אז שטראף און באלוינונג זיינען איננאנצען אפגעשאפט. די קינדער באקומען זייער באלוינונג אין זייער אייגענעם ערפאלג.

דאס זעלבע איז אויך אין דער היים. אויב דאס קינד קריגט א פרייע ערציהונג אונטער צוגעפאסטע באדינגונגען דארף עס ניט קיין שטראף און ניט קיין באלוינונג אום צו טאן וואס איז ריכטיג. דאס פרייע קינד איז צופרידענער און בעסער און זיין ווילען איז שטארק גענוג צו קאנטראלירען זיך ווען עס איז נויטיג ניט צו שטערען א צווייטען.

## באגרענצונגען.

פיעלע, וואס הערען וועגען די אלע אויסגערעכענטע באדינ־גונגען, צו וועלכע דאס קינד איז בארעכטיגט אום צו וואקסען פריי און אונגעשטערט, ארגומענטירען אזוי:

— אויב מיר וועלען די קינדער געבען פולע פרייהייט און אלע

נויטיגע באדינגונגען אויסצונוצען דיזע פרייהייט, וועלען זיי ווערען צולאָזען, עגאָאיסטיש, זיי וועלען מיינען, אז עס קומט זיי אלעס אין דער וועלט. זיי וועלען אימער טאָן, וואָס זיי וועט געפעלען, ניט רעכענענדיג זיך מיט דעם צווייטענס באקוועמליכקייטען.

דאָס שטעלט ארויס די פראגע וועגען די גרענעצען, וואָס מוזען געמאכט ווערען צום קינדס פרייהייט. ווען קינדער לעבען אין א גרופע שליכטעט זיך געוועהנליך דאָס פראבלעם פון זיך אליין.

אין א פרייעם געזעלשאפטליכען לעבען ארבייטען זיך די קינדער אליין אויס זייערע געזעצען, אז איינס זאָל ניט שטערען דעם צווייטען, איינס זאָל דאָס צווייטע ניט עקספלואטירען. דעם קינדס נאטירליכע נייגונג צו לעבען אין דער געזעלשאפט פון אנדערע קינדער שטעלט א צאַם צו דעם פרייעם שפּיעל פון זיינע אינסטינקטען אויף וויפיעל דאָס קען שטערען דעם צווייטען. דעם קינדס איינגעבוירענער אינסטינקט ווידער צו העלפען דעם צווייטען, באַזונדער דעם שוואכערען פון זיך פיהרט דערצו אז עס זאָל אָפט טאָן אַזעלכע זאכען, וואָס וועלען פון איהם פאָדערען קרבנות אום צו טאָן גוטס פאר דעם חבר. אויף אזא אופן לערענט זיך דאָס קינד אליין אויס צו שטעלען גרענעצען זיין אייגענער פרייהייט.

בנוגע צו די עלטערען קען אָבער דאָס קינד ניט האָבען דיזעלבע געפיהלען, וואָס עס האָט בנוגע צו די חברים. עס איז געוואוינט די עלטערען זאָלען עס מיט אלעס באַזאָרגען און בשעת עס איז קליין קען נאָך ווייניג גערעדט ווערען פון זיינע פליכטען צו טאטע־מאמע. עס האָט נאָך דערוייל מעהר, ווייט מעהר רעכטען ווי פליכטען. אויף וויפיעל עס איז אָבער מעגליך, מוזען עלטערען אָנווייזען דעם קינד די גרענעצען פון זיין פרייהייט. דאָרט וואו עס האנדעלט זיך וועגען אונגערעכטערהייד שטערען א צווייטענס פרייהייט, אָדער וועגען טיראניזירען די אנדערע, קען מען דעם קינד קיין פרייהייט ניט ערלויבען.

זאָגען מיר, דאָס קינד געהט מיט דער מוטער און די מוטער שטעלט זיך אָפּ מיט א פריינד ריידען. דאָס קינד איז אונצופרידען און פאָדערט די מוטער זאָל מיט איהם אוועקגעהן. די מוטער זעהט אָבער איין, אז דאָס קינד איז אין זיין פאָדערונג ניט בארעכטיגט, ד. ה., דער פריינד האָט ניט פארשאפט דעם קינד

קיינע אומאנגענעמליכקייטען. מעהר ניט דאס קינד וויל דער מוטערס גאנצע אויפמערקזאמקייט און עס ערלויבט איהר דערפאר ניט אוועקצוקוקען זיך פון איהם זאגאר אויף א קורצע ווײלע. אין אזא פאל איז עס ניט נאר דער מוטערס רעכט, נאר זאגאר איהר פליכט פארצוזעצען דעם געשפרעך מיט איהר פריינד און ניט נאכ־געבען דעם קינד זיין פאדערונג. עס איז ניט נויטיג דאס קינד צו שטראפען פאר אזא אדער ענליכע אונגערעכטע טאטען, אבער נאכגעבען דארף מען זיכער ניט.

דאס קינד איז אזוי הילפלאז און איז אזוי פיעל ביי אונז אין די הענט, אז מיר קענען איהם זעהר לייכט ברייננען דערצו, אז עס זאל זיך האלטען אין די נויטיגע גרענעצען. עס איז קיין מאל ניט נויטיג איהם צו שטראפען, מיר קענען פשוט ניט נאכגעבען און דאס אלעס.

געבענדיג דעם קינד אט די אלע באדינגונגען פאר פרייער ענט־וויקלונג פון זיינע נאטירליכע נייגונגען און פעהיגקייטען, העלפען מיר איהם זעהר פיעל אין זיין שווערער אויפגאבע צו „ווערען א מענש“.

געוויס גאראנטירט דאס אלץ נאך ניט, אז די קינדער וועלען אויסוואקסען זעהר ערפאלגרייך, ווייל, ערשטענס, האבען פיעלע אין זיך ניט דעם נאטירליכען מאטעריאל דערצו. צווייטענס, זיינען אחוץ דער היים דא גענוג באדינגונגען וואס באאיינפלוסען דאס קינד, אזוי ווי די שול, די גאס, די פארגניגונגס־פלעצער און ד. גל. און זעהר אפט זיינען יענע איינפלוטען פונקט דער היפך פון דעם, וואס מיר זוכען צו געבען אונזערע קינדער. אויף וויפיעל אבער מיר זיינען בכוח בייצוטראגען צום קינדס ענטוויקלונג, דארפען מיר זעהן ניט שטעלען איהם קיין שטערונגען דורך צוואנג, און ניט פארנאכלעסיגען איהם דורך הפקרות. פרייהייט, און ווי וויית מעגליך פאסענדע באדינגונגען אויסצונוצען זיין פרייהייט, זיינען די נויטינע לעבענס באדינגונגען, וואס העלפען דעם קינד זיך אליין צו פארפאלקאמען.

# קאַמף צווישען עלטערען און קינדער.

איינע פון די שווערע פּראָבלעמען, וואָס עלטערען האָבען אין דער ערציהונג פון קינדער איז, ווי צו באַאיינפלוסען די קליינוואַרג, אַז זיי זאָלען פאָלגען טאַטע־מאַמע.

זעהר אָפט ווען איהר קוקט זיך צו צום לעבען פון א פאמיליע, וואו עס זיינען דאָ קליינע קינדער, קריגט איהר דעם איינדרוק, אַז דאָרט קומט באשטענדיג פאר א פארביסענער קאמף צווישען צוויי געגנערישע גרופּען. איין גרופּע באַשטעהט פון די עלטערען, די צווייטע פון די קינדער. ווען די מוטער געפינט אַז אַליין איז זי צו שוואך צו „זיעגען" אַפּעלירט זי געוועהנליך צו דער גרעסערער מאכט, צום פאטער.

„איך וועל דערצעהלען דעם טאַטען", איז א פראזע, וואָס די קינדער הערען עטליכע מאָל א טאָג, און וועלכע צייגט זיי, ערשטענס, אַז די מאַמע איז צו שוואך זיי בייצושטעהן; צווייטענס, אַז דער פּאַפּאַ איז א מין „בוגי־מען", פאר וועלכען מען מוז מורא האָבען. און פרעגט איהר זיך נאָך, וואָס פאראורזאכט אָט די באַשטענדיגע מלחמה, געפינט איהר אויס אַז די לאגע איז עפּעס גאָר ניט קיין געוועהנליכע. די „שונאים" האָבען גאָר ניט קיין געגענגעזעצטע אינטערעסען. איינער זוכט ניט צו פארכאַפּען ביים צווייטען די עקאָנאָמישע אָדער פּאָליטישע מאכט, אויך קומט דאָרט ניט פאָר דאָס, וואָס איז אין דער היינטיגער געזעלשאפט, באקאנט אלס קלאסען־קאמף. אין געגענטייל, די געגנער זיינען גאָר פאר־אינטערעסירט איינער אין צווייטענס וואוילזיין; מען קען איינס אָהן צווייטען כמעט ניט לעבען. די געגנערישע גרופּע, וואָס רופט זיך עלטערען ארבייט דאָס גאנצע לעבען פאר דעם גליק פון די קידנער, און די „שונאים", וואָס רופען זיך קינדער זיינען אַזוי צוגע־

בונדען צו די עלטערען, אז זיי ווילען זיך פון זיי אויף א טאג ניט שיידען. צוליעב וואס זשע אלזא די מלחמה? צוליעב דעם וואס די קינדער ענטזאגען זיך צו פאלגען די עלטערען.

כמעט יעדער וועט אייך זאגען, אז ער וואלט וועלען זיין קינד זאל אויסוואקסען א מענש מיט א שטארקען ווילען, מיט א שטאל־צען כאראקטער. ער זאל זיך פאר קיינעם ניט בויגען און באקעמ־פען אלע שוועריגקייטען, וואס וועלען איהם קומען אויף זיין לע־בענס־וועג. וואס פאדערט מען אבער פון קינד, פון וועלכען עס דארף אויסוואקסען דער צוקינפטיגער שטאלצער מענש? עס זאל זיין געהארכזאם און אונטערטעניג, עס זאל זיך אימער בויגען און ברעכען זיין אייגענעם ווילען, און פאלגען דאס וואס אנדערע הייסען איהם טאן. און ווי אויף להכעיס וויל דאס קינד טאן דוקא דאס וואס איהם וויל זיך, און ניט דאס וואס מען הייסט איהם.

## אורזאכען פון ניט פאלגען.

קינדער דארפען פאלגען, זיי מוזען פאלגען. זיי האבען ניט די ערפאהרונג און ניט די שטארקייט צו פיהרען א זעלבסטשטענ־דיגען לעבען און קיינעם ניט פאלגען. אבער ווי אזוי פאלגען?

עס גיט זיך אפט איין צו צווינגען קינדער זיי זאלען פאלגען, ווייל זיי האבען מורא, אז ווען ניט וועלען זיי ווערען באשטראפט פון יענע, וואס האבען איבער זיי צו שאפען. דאס הייסט אלזא, אז זייער ווילען איז נעבראכען, זיי גיבען זיך אונטער. אזעלכע קינדער זיינען גאנץ שוואך פון דער נאטור און מען רופט זיי „גוטע קינדער", אבוואהל קיין גרויסע העלדען וועלען פון זיי אפשר ניט ארויסוואקסען. אנדערע אבער האבען אין זיך אן איינגעבוירענעם שטארקען ווילען, וועלכען עס איז גאנץ שווער צו צוברעכען. על־טערען און לעהרערס האבען א סך צרות פון אזעלכע חברה־לייט, זיי ווילען ניט פאלגען, עס איז מיט זיי ניט אויסצוקומען. אין פראצעס פון ברעכען דעם קינדס ווילען מאכט מען עס דערוויי־ל נערוועז און גאר א היבש ביסעל עקשנות'דיג. עס ענטוויקעלט זיך ביי איהם א געפיהל פון געגנערשאפט צו זיינע הערשער און עס

צושפּיעלט זיך גאַנץ אָפט דער פאַרלאַנג צו טאָן להכעית, טאַקע פּונקט פאַרקעהרט פון דעם, וואָס די אַנדערע ווילען.

און ניט בלויז קינדער, נאָר אויך ערוואַקסענע ענטזאַגען זיך אָפט צו פאָלגען. אום צו צווינגען מענשען צו פאָלגען, קלערט מען פאַר זיי צו אַלערליי שטראָף. פאַר ניט פאָלגען זעצט מען אין געפענגנים, מען רויבט בירגערליכע רעכטע, מען גיט אפילו טויט־שטראָף. מען האַלט דעם מענשען אין מורא, און דאָך העלפט ניט. עס געפינען זיך אימער אַזעלכע וואָס ווילען ניט פאָלגען. זיי רעכענען זיך ניט מיט אַלע געפאַהרען און ברעכען דאָס געזעץ.

די זאַך איז, וואָס ווירקליך פאָלגען, פאָלגען ניט פאַר מורא, נאָר פאָלגען אַזוי, אַז עס זאָל איהם ניט פאַרדריסען בשעת ער פאָלגט, קען דער מענש נאָר אַזעלכע געזעצען, וואָס געהען ניט געגען איהם, געגען זיין אינערליכען איך. מען דאַרף, צום בייּ־שפּיל, גאָר קיין שטראָף ניט צוקלערען אום די פרויען זאָלען פאָלגען די מאָדע. די מאָדע באַפרידיגט אַן אינערליכען פאַרלאַנג צו געפעלען. ווען אַ פרוי דענקט, אַז דורך דעם וואָס זי וועט זיך קליידען לויט דעם לעצטען זשורנאַל וועט זי מעהר נושא חן זיין, איז זי אַזוי געהאָרכזאַם צום גאָט פון דער מאָדע, אַז זי באַקלאָגט זיך גאָר קיין מאָל ניט אויף זיינע משפּטים. עס איז אויך ניט שווער פאַר אַ נאָרמאַלען מענשען צו פאָלגען דאָס געשריבענע געזעץ: הרג'ע ניט. ער האָט אינסטינקטיוו מעהר ליעבע ווי שנאה צו מענשען און הרג'ענען איז פאַר איהם אין געוועהנליכע צייטען ניט נאַטיר־ליך. דאָס זעלבע איז וועגען ניט ראַבעווען און נאָך פיעלע אַזוינע געזעצען, וואָס זיינען אַבסאָלוט נויטיג אום אויפצוהאַלטען דעם געזעלשאַפטליכען בוי. ווען אַלעס איז רוהיג און שטיל, דעם מענש געהט גוט און ער האָט אַ מעגליכקייט צו לעבען און געניסען אונ־געשטערט, פאָלגט ער דאָס געזעץ גאַרניט געצוואונגענערהייד, ווייל דאָס געזעץ ענטשפּרעכט דאַן זיין אינסטינקטיווער שטרעבונג צו לעבען אונגעשטערט אין אַ רוהיגער געזעלשאַפט.

נאָכט זיך אָבער אַז די געזעצען קומען אין ווידערשפּרוך מיט דעם מענשענס אינערליכע אינסטינקטען. זאָגען מיר אַ מענש הונ־גערט. זיין גאַנצער איך איז קאָנצענטרירט אין דיזען געפיהל. אַלעס

אין איהם שטרעבט צו באפרידיגען זיין הונגער, דאן קומט דאס גע־
זעץ און זאגט: פאלג, גנב'ע ניט. עס הויבט זיך אן א קאמף און
אפט זיעגט דער הונגער, דער מענש גנב'עט. ווען עס קומט אזא
שטארקער אינסטינקטיווער אנשטויס ווי הונגער, ווערט אזוי נאַ־
טירליך פאר דעם מענשען ניט צו פאלגען, אז מען קען אויף איהם
מעהר קיין מורא ניט ווארפען.

איין גרופע מענשען ווערט עקספלואטירט פון א צווייטער וואס
הערשט איבער איהר. יאהרען נעהען אוועק און די עקספלואטירטע
פאלגען די עקספלואטאטארס און האבען מורא פאר זיי. די געזעל־
שאפט נעהט זיך איהר גאנג, דאס לאנד ענטוויקעלט זיך, און אלעס
איז רוהיג. קומט אבער א צייט פון א קריזיס, דאס פאלק ליידעט,
עס הונגערט. דאן קלייבט זיך אן צופיעל גאל. מען הויבט אן איינ־
צוזעהן אז עס איז ניט כדאי ווייטער אזוי צו לעבען. עס ערוועקט
זיך שטארק דער אינסטינקט צו קאמף. מען פייפט אויפ'ן געזעץ
מיט אלע אויטאריטעטען און מען מאכט א רעוואלוציע. דער אינ־
סטינקט פון קאמף איז אין יענעם היסטארישען מאמענט שטארק
גענוג גובר צו זיין די מורא און מען הערט אויף פאלגען די געזעצען
וואס האבען אויפגעהאלטען א געוויסען רעזשים.

פאלגען אלזא איז נאטירליך, אבער נאר דאן, ווען עס ווידער־
שפרעכט ניט צופיעל די איינגעבוירענע מענשליכע אינסטינקטען.

## פאלגען פאר מורא.

וואס פאר א מין פאלגען פאדערט מען פון דעם קינד? מען
פאדערט עס זאל פאלגען אן אויטאריטעט וואס רופט זיך מוטער,
פאטער אדער לעהרער, ניט קוקענדיג דארויף צו דאס וואס מען
וויל פון איהם איז אין איינקלאנג מיט זיינע אינערליכע שטרע־
בונגען צו ניט. דעם קינד'ס נשמה מעג ווי הונגערען נאך שפיעל,
נאך באוועגונג, זאגט אבער דער לעהרער „דו מוזט זיצען אויף א
ביינקעל און זיך צוהערען צו מיינע קלוגע רייד", און דאס קינד
מוז פאלגען. אויב ניט ווערט עס באשטראפט. אדער אט האבען
מיר אן אנדער פאל.

אין דער פאמיליע ד. איז געווען א איינגעל פון פינף יאהר.

איין מאָל זיינען אַהין געקומען צו גאַסט אַ מוטער מיט אַ מיידעלע
פון דריי יאָהר. די קינדער האָבען זיך געשפּיעלט. דעם מיידעלע
איז עפּעס ניט געפעלען געוואָרען און זי האָט זיך גענומען שלאָגען
דאָס אינגעלע. דער קאָוואַליער האָט זיך גענומען פאַרטיידיגען
זיין אייגענעם גוף, ער האָט צוריקגעגעבען פּעטש אַזוי גוט, ווי
ער האָט געקענט. די מוטער ד. איז שטאַרק איבערגערעגט געוואָרען
פון אַזאַ פאַרשוועהרונג פון דעם אָנגענומענעם עטיקעט. זי האָט
דעם בחור אָוועקגעשלעפּט און זיך גענומען פּרעדיגען.

„דו גראָבער יונג, דו, זי איז אַ מיידעל און דיין גאַסט נאָך
אויך דערצו און איינגער פון דיר און דו לעגסט דיין האַנט אויף
איהר, שעמען מעגסט דו זיך. לאָז צורות דאָס קינד, ווען ניט וועל
איך דיר ווייזען, וואָס איך קען מיט דיר טאָן ווען איך וויל".

דער אינגעל האָט זיך דערשראָקען און האָט זיך אָן אָנגע־
ברוגז'טער אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקעל. פון זיין ווייטערדיגער
האַנדלונג האָט מען לייכט געקענט אַרויסזעהן, אַז קיין וואַרעמע
געפיהלען האָט ער צו זיין גאַסט ניט געהאַט. ער האָט זי באַטראַכט
פאַר דער אורזאַכע פון זיין באַליידיגונג.

וועלען מיר זיך פאַנאַנדער קלייבען אין דער באַסטיונג און
זעהן וואָר עס איז געווען געדעכט. דער אינגעל איז נאָך געווען צו
יונג צו האָבען העכערע מאָראַלע באַגריפע, פּרעדער צו פאַרשטעהן
דעם אָנגענומענעם עטיקעט. ניט דער מיידעלע'ס יאָהרען, ניט
איהר געשלעכט און ניט דער פאַקט, וואָס זי איז געווען זיין גאַסט
האָבען געשפּיעלט אַ וויכטיגע ראָל אין זיין אָפּשעצונג. ער האָט
געוואוסט, אַז ער שפּיעלט מיט נאָך אַ קינד און האָט פון דעם וואָהר־
שיינליך הנאה געהאַט. ווען דאָס מיידעלע — זיין גלייכען, לויט
זיין אָפּשעצונג איז אויף איהם אָנגעפאַלען, האָט ער, נאַטירליך,
נעבאַפט זיך פאַרטיידיגען. דער אינסטינקט פון זעלבסט־באַשי־
צונג האָט געפיהרט זיין האַנט, בעת ער האָט זי אויפגעהויבען אויף
דעם צווייטען קינד.

וואָלט זיך די מוטער ניט אריינגעמישט, וואָלט דער גאַנצער
אינצידענט זיך וואָהרשיינליך באַלד געענדיגט. דאָס מיידעלע וואָלט
דערפיהלט אַז עס לוינט ניט צו פאַרמעסטען זיך מיט כחות מיט
אַ פינף־יאָהריגען בחור. ער ווידער וואָלט באַפריעדיגט זיין נ־

טירליכען ראכע געפיהל און דער כעס וואָלט איהם פאַריבער. אזוי ווי קינדער בעטען זיך אין שלגעביין זעהר שנעל איבער וואָלטען די צוויי קינדער אויך באַלד פאַרגעסען די מלחמה און וואָלטען זיך אפשר גאַנץ גוט פאַרבראַכט די איבעריגע צייט פון דעם באזוך.

האָט זיך אָבער באַוויזען דער פּאָליצייאישער אויטאָריטעט אין דער פּערזאָן פון דער מוטער. און טאַקע ווי אן אמת׳ער פּאָליציי־קע האָט זי געפאָדערט, אַז די געזעלשאַפטליכע אָרדנונג מוז אָפּגע־היט ווערען. ווען ניט באַקומט דער „פאַרברעכער" די „פאַרדיענ־טע" שטראָף. אָרדנונג איז איינגעשטעלט געוואָרען, און דער באשטראָפטער, ווי אַלע באַשטראָפטע איז געבליבען פאַרבי־טערט. און אָט צוליעב דער פאַרביטערטקייט האָט דער איינגעל גאָר ניט געקענט לערנען פון דעם לעבען. ער האָט נור דערשטיקט זיין אימפּולס צו נעמען נקמה, ווייל ער האָט מורא געהאַט פאַר שטראָף, ער האָט אָבער ניט געפאָלגט, ווייל ער האָט באַגריפען אַז עס איז אין געגעבענעם פאַל ריכטיג צו פאָלגען. ער האָט גע־פיהלט, אַז די מוטער איז געגען איהם באַגאַנגען אַן אונרעכט, און האָט פון דעם ניט געקענט ציהן קיין שלוסען, אַז עס איז כדאי זי צו פאָלגען.

אַמאָל גיט זיך אויך איין צו צווינגען דאָס קינד, אַז עס זאָל פאָלגען צוליעב באַלוינונג אדער צוליעב דעם וואס עס וויל נושא חן זיין. מען דערצעהלט איהם „אַז אַ קינד פאָלגט ניט, האָבען איהם אַלע פיינט". „אַז דו וועסט מיך פאָלגען וועל איך דיר געבען גוטע זאַכען". און אַז. וו. איז אָבער אזא מעטאָד ווינשענסווערט? דאָס שטענדיג זוכען צו געפעלען אַ צווייטען אזוי גוט ווי דאָס טאָן געוויסע זאַכען צוליעב באַלוינונג מאַכט דאָס גינד איבערפלעכליך, פאַלש, ניט ערנסט און ווילענלאָז.

דאָס קינד איז אָבער דאָך יונג און אונערפאַרען און עס איז פאַר איהם גוט עס זאָל פאָלגען. ווי־זשע מאַכט מען, עס זאָל פאָלגען ווילענדיג?

## באקטאַרען אין דער ענטוויקלונג פון געהאָרכזאמקייט.

### 1) לעבענס באדינגונגען.

דאָס קינד דארף לעבען אזוי, אז עס זאָל ניט וועלען ניט פאָל־גען.

ווען דער ערוואקסענער לעבט רוהיג, און האָט אלעס וואָס איהם פעהלט צום לעבען סיי מאטעריעל, סיי גייסטיג איז איהם כלל ניט שווער צו פאָלגען דאָס געזעץ. ווען דאָס קינד לעבט רו־היג, קיינער רייצט עס ניט, קיינער שאפט זיך מיט איהם ניט און דערצו איז עס געזונט, האָט אלעס צו באפרידיגען זיינע פיזישע פארלאנגען און אויך גענוג און פאסענדע שפיעלצייג און געזעל־שאפט צו באפרידיגען זיין גייסטיגען הונגער, וועט זיך אין איהם וועניגער ענטוויקלען דער פארלאנג צו טאָן להכעיס, פונקט פאר־קערט, ווי מען פארלאנגט פון איהם.

### 2) באפרידיגונג פון נאטירליכע נייי־גונגען.

מען דארף אויף ווי פיעל עס איז מעגליך ניט שטעלען דעם קינד אזעלכע פאָדערונגען, וואָס זיינען אין ווידערשפרוך מיט זיינע נאטירליכע נייגונגען. דערצו פאָדערט זיך, אז מען זאָל זוכען צו פארשטעהן דאָס קינד און זיין כאראקטער. אז מען נעמט א שטיי־נער א לעבהאפטען דריי יעהריגען אינגעל און מען האלט איהם אין איין דרישנ׳ען: זיץ שטיל, שפרינג ניט, לויף ניט, איז עס פאר דעם קינד אונמעגליך צו פאָלגען מיט זיין פרייעם ווילען. אלעס אין איהם שטרעבט צו באוועגונג און דיזע שטרעבונגען מוזען באקומען זייער פרייעם אויסדרוק, גראד ווי וואסער מוז קריגען זיין פלאץ וואו צו פליסען. פון דעם קינד פאָדערט זיך דאן צו פאָלגען א באפעהל, וואָס איז אין דירעקטען ווידערשפרוך מיט זיינע אינער־ליכע נייגונגען. ווען מען פארלאנגט אָבער פון דעם זעלבען אינ־געל, ער זאָל נעמען זיינע שפילצייג און שפילען מיט זיי אין הויף אָדער אויף דעם באלקאן אנשטאָט צו מאכען טומעל אין הויז, וועט ער זיך ניט שטארק שטעלען דאגעגען, וויל פרייע באוועגונגען אויף

דער פרישער לופט וועלען ענטשפרעכען זיין איינגעבוירענעם שטרעבען נאך שפיעל און נאך לופט.

### 3) גענוגענדע אורזאכען.

דאס קינד דארף האבען אן אורזאכע פארוואס צו פאלגען, מען דארף פון איהם ניט פאדערען עס זאל פאלגען, ווייל אן עלטערער הייסט אזוי, נור ווייל א געוויסע אורזאכע פאדערט עס.

מען הערט גאנץ אפט אזא מין באפעהל: — „געה יעצט ניט אין גאס." — „פאר וואס?" — „ווייל איך הייס ניט". אויב דאס קינד האט מורא וועט עס אפשר פאלגען. אבער צו וואס אזא פאלגען? אזוי פאלגט אן אונטערדריקט פאלק א הערשער, ביז עס ברעכט אויס א רעוואלוציע. ביי'ם קינד מוז אויך אין דיזער הינזיכט קומען א רעוואלוציע. עס קומט א צייט, ווען מען קען שוין דאס קינד ניט אנשרעקען, עס איז צו גרויס דערצו. און ווי עס דערפיהלט זיך שטארק גענוג, ערקלערט עס, — איין מאל ניין, איך פאלג ניט מעהר אהן א פארוואס. וויסענדיג, אז קיין ענטפער אויפ'ן פארוואס וועט עס ניט באקומען, דערווייטערט עס זיך אין גאנצען און זוכט קיין עצות ניט. די עלטערען קלאגען זיך, אז דאס קינד איז אוועק פון זיי, עס איז אבער זייער שולד. אז מען ווערט עלטער און דער שכל, אזוי גוט ווי דער ווילען, ענטוויקלען זיך, וויל מען זיך קיינעם בלינד ניט אונטערוואַרפען. די רעוואלוציע איז א שטילע, ניט קיין בלוטיגע, אבער דער הערשער געהט סיי ווי אראפ פון ביינקעל. פארלוירען דעם אויטאריטעט און כאטש צורייס זיך.

ווען מען זאגט אבער דעם קינד: „געה יעצט ניט אין גאס, ווייל דו ביזט דערהיצט און דו קענסט זיך לייכט צוקיהלען." פיהלט עס, אז דאס רעדט ניט קיין אויטאריטעט, נור דא רעדט א נאטור נעזעיץ, וועלכען מען דארף פאלגען צוליעב דעם אייגענעם געזונד. אויב דעם קינד'ס פארלאנג צו געהן אין גאס איז אזוי שטארק, אז עס וויל זיך ניט רעכענען מיט דעם געפאהר פון פארקיהלען, וועט עס זיך נעמען דיסקוטירען מיט דער מוטער ווי מיט א גלייכען, עס וועט זי זוכען צו איבערצייגען, אז עס איז ניט געפעהרליך. די מוטער וועט אבער ניט ערשיינען אלס טיראן וואס באפעהלט, נור אלס

פריינד וואס גיט א פאַרניכטענדע עצה. קיין געגנערשאַפט ווערט די מוטער צו זיך דערמיט בשום אופן ניט ערוועקען. עס ווערט קיין מאָל ניט נויטיג זיין זיך צו באַפרייען פון איהר משפט. ווער זוכט זיך עס צו באַפרייען פון אַן ערפאַהרענעם פריינד? גוטע עצות פאָלגט מען מיט מעהר פארגעניגען ווי באַפעהלען, און אויב מען פאָלגט זיי ניט אין געגעבענעם מאָמענט, קומען זיי צוגוט אין אַנ־דערן מאָל. דאָס קינד איז אימער באַרעכטיגט צו וויסען פאַרוואָס עס זאָל פאָלגען.

דער ערציהער דאַרף ערשיינען פאַר דעם קינד אַלס מענש וואָס האָט מעהר ערפאַרונג אין לעבען און, דערפאַר ווייסט ער די נאַ־טירליכע און געזעלשאַפטליכע געזעצען, וועלכע מיר מוזען זיך אונ־טערוואַרפען צוליעב אונזער אייגענעם וואוילזיין. מיר וואַרפען זיך אונטער דעם דאָקטאָר אין צייט פון קראַנקהייט, ניט ווייל ער איז א גאָט געבענשטער הערשער, וועלכער קען אונז באַהערשען מיט דעם וואָס ער וואַרפט אויף אונז אָן א מורא. מיר טוען עס דערפאַר, וואָס דער דאָקטאָר האָט ספּעציעל געשטודירט די מעדי־ציניש וויסענשאַפט און דעריבער זיינען מיר זיכער, אז ער קען אונז באַהילפיג זיין דערמיט וואָס ער ווערט פאַר אונז דאַרלעגען די מעדיצינישע געזעצען, לויט וועלכע מיר דאַרפען זיך פיהרען אין געגעבענעם פאַל. מיר באַטראַכטען דעם דאָקטאָר ניט אַלס הערשער, נור אַלס אויטאָריטעט אויף א באַשטימטען געביעט און מיר פאָלגען זיינע עצות אָהן שום פּראָטעסט. אום דאָס קינד זאָל באַטראַכטען דעם ערציהער מיט דעם זעלבען דרך ארץ און האָבען צו איהם דעם זעלבען צוטרוי, וואָס מיר האָבען צום דאָקטאָר, איז נויטיג דאָס קינד זאָל אימער פיהלען, אז עס פאָדערט זיך ניט פון איהם צו פאָלגען דעם ערוואַקסענעם, ווייל יענער רופט זיך טאַטע, מאַמע אָדער לעהרער, נור ווייל יענער ערוואַקסענער האָט דורך זיין ערפאַהרונג באַקומען דעם אויטאָריטעט אָנצואווייזען אויף באַשטימטע געזעצען אין וועלכע א מענש, אָדער א געזעל־שאַפט נויטיגט זיך. דאָס קינד ווייסט דאַן די אורזאַכע פאַרוואָס עס זאָל פאָלגען.

און וואָס מעהר דאָס קינד וואַקסט אונטער אַלץ מעהר ווערט עס באַקאַנט מיט נאַטירליכע אין געזעלשאַפטליכע געזעצען וואָס

דינען צום וואוילזיין פון איינצעלנעם אָדער פון כלל. אין דער
זעלבער צייט ענטוויקלען זיך אויך זיין פארשטאנד און זיין ווילען.
עס ווערט אינערליך דיסציפלינירט און עס לערענט זיך אויס צו
קאָנטראָלירען זיינע אינסטינקטען אזוי, אז עס זאָל  ק ע נ ע ן
פאָלגען, ווען נויטיג.

עס איז א סך גרינגער צו פאָלגען, ווייל מען וויל פאָלגען, ווייל
מען איז איבערצייגט, אז עס איז בעסער צו פאָלגען, ווי צו פאָלגען
אויס מורא פאר וועמען.

איהר האָט, צום ביישפיעל, זעהר פיינט צו נעמען ריצען־אויל.
דאָך ווען איהר לײדט פון פארשטאָפונג, און איהר ווייסט אז דאָס
וועט אייך העלפען, צווינגט איהר זיך צו נעמען דעם אבשטויסענ־
דען מיטעל. דאָס צווינגט אייך אָבער אייער  א י י ג ע נ ע ר
ווילען און ניט דער ווילען פון א  צ ו ו י י ט ע ן . איהר פאָלגט
דאָ א נאטור געזעץ, איהר פאָלגט דעם אויטאָריטעט פון דער מע־
דיצינישער וויסענשאפט און ניט דעם אויטאָריטעט פון א מענשען
וואָס האָט דאָס רעכט אייך צו באפעהלען.

דאָס קליינע קינד קען, נאטירליך, ניט פארשטעהן אזוי גוט
ווי דער ערוואקסענער, פארוואָס עס מוז נעמען דעם ריצען־אויל
אָדער אן אנדער רפואה. און אזוי ווי די רפואה איז אָפט א לע־
בענס נויטווענדיגקייט מוז מען איהם צווינגען צו נעמען עס געגען
זיין ווילען. ווי אָבער דאָס קינד בארוהיגט זיך און מען קען זיך
מיט איהם דורכשמועסען, דארף מען איהם ערקלערען, ווי וויכטיג
די רפואות זיינען פאר איהם. א מאָל קען מען עס טאָן דורך א
מעשה'לע און אמאָל דורך דעם, וואָס מען ווייזט אָן דעם קינד אויף
זיין אייגענעם פאל, ווי שלעכט עס האָט זיך געפיהלט ביז עס האָט
גענומען די רפואה און אויף וויפיעל עס איז איהם נאָכדעם געוואָ־
רען בעסער.

אויף אזא אופן וועט דאָס קינד מיט דער צייט פארשטעהן,
אז די רפואה איז ניט קיין שטראָף פון אימיצען, נאָר אז דאָס רע־
טעט איהם פון ערגערע איבלען. ווי עס וועט נאָר פארשטעהן גענוג
צו קענען זיך איבערצייגען אז עס מוז אזוי זיין צוליעב א בא־
שטימטער אורזאכע, צוליעב זיין געזונד, וועט עס שוין אליין זוכען
זיך צו קאָנטראָלירען. מיט דער צייט, ווען זיין ווילען וועט זיך

פאַרשטאַרקען, וועט זיך איהם איינגעבען בייצוקומען זיין נאַטיר־
ליכען אבשיי צום שלעכטען טעם פון דער רפואה. ער וועט קענען
פאָלגען זיין אייגענעם ווילען צו זיין געזונט.

## 4) שטרענגע אָפּהיטונג פון אמת.

אום צו פאָלגען דעם דאָקטאָר אַלס אויטאָריטעט אין דער מע־
דיצינישער וויסענשאַפט איז ניט גענוג ער זאָל פאַר אונז דאַרלעגען
די געזעצען פון דיזער וויסענשאַפט. מיר מוזען זיין איבערצייגט,
אַז ער דערצעהלט דעם א מ ת. אמאָל איבערצייגען מיר זיך
אַז דער דאָקטאָר פ א ל ש ט דעם אמת צי צוליעב זיין אונווי־
סענהייט, צי צוליעב אנדערע זייטיגע צוועקען, ווי צו קריגען אַן
איבעריגע פאָר דאָלאַר, און דאַן פאַרלירט זיך זיין גאַנצער אויטאָ־
ריטעט. מיר גלויבען איהם ניט מעהר און מיר רעכענען זיך ניט
מיט זיינע עצות.

די זעלבע זאַך פּאַסירט מיט דעם קינד. ווי עס ווערט גרויס גע־
נוג צו קענען אונטערשיידען צווישען אמת און ניט אמת, אורטיילט
עס וועגען זיינע אויטאָריטעטען לויט די זעלבע כללים. ווער עס
נאַרט קיין מאָל ניט אָפּ, דעם גלויבט מען, און ווער עס פאַלט אריין
מיט א ליגען, א פאַלשקייט, אויף דעם הויבט מען אָן קוקען פאַר־
דעכטיג.

עס איז דערפאַר פון העכסטער וויכטיגקייט צו זאָגען דעם
קינד א י מ ע ר ד ע ם א מ ת און ב ל ו י ז ד ע ם
א מ ת .

עס זיינען פאַראַן מענשען וואָס מיינען, אַז אום אויפצוהאַלטען
זייער אויטאָריטעט ביי די קינדער מוזען זיי פאַר די לעצטע ער־
שיינען אַלס אַלוויסענד. דאָ איז א ביישפּיעל פון אַזאַ באַציהונג.

דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען אין די רוסישע גרויסע
שטעדט האָט זיך צוערשט באַוויזען די קאָנקע, (פערד־קאַר).
אין א קליין־שטעדטעלדיג הויז איז געזעסען א פריילין און האָט
דערצעהלט פאַר די קינדער גרויס־שטעדטיגע נסים. אליין איז זי
אין קיין גרויסער שטאָדט ניט געווען, אָבער אַזוי ווי זי איז געווען
א געבילדעטע און באַלעזענע מיידעל האָט זי, נאַטירליך, געדאַרפט
וויסען וועגען אַלעס אין דער וועלט. ווען עס איז צורייד געקומען

ווענען דער קאַנקע, זיינען די קינדער געווען זעהר ערשטוינט. אזא וואונדער, צוויי פערד קענען פיהרען א וואַגען מיט דרייסיג אָדער מעהרערע מענשען. איין קינד האָט געשטעלט א פראגע:

„און וואָס טוט מען, אז די קאַנקע דארף אַרויפפאָרען אויף א הויכען בארג?"

דער ענטפער האָט ניט געלאָזט אויף זיך לאַנג ווארטען:

„אין אזא פאַל שפאַנט מען צו זעכצעהן פערד."

זעכצעהן פערד, דאָס לאָזט זיך שוין ריינקען. דאָס קינד האָט דייטליך געזעהן פאר זיך דאָס בילד פון דער קאַנקע מיט מענשען, וועלכע זעכצעהן פערד, צו צוויי אין א רייהע, שלעפען בארג ארויף. וואס פאר א גרויסער מענש די געבילדעטע פריילין מוז זיין. אלעס ווייסט זי, ווענען אלעס געלעזען.

האָט זיך אָבער געמאכט, אז דאָס קינד איז אביסעלע אונטער־געוואקסען און האָט אליין אָנגעהויבען לעזען. פון ערגיץ א אונ־צוויפעלהאַפטען קוואַל האָט זי זיך דערוואוסט אז א קאַנקע געהט קיין מאָל ניט מיט קיין זעכצעהן פערד.

און צו ביסעלאַך, צו ביסעלאַך האָט אָנגעהויבען פאַלען דער אויטאָריטעט פון דער אַלוויסענדער פריילין. אז מען זוכט, געפינט מען. דאָס קינד האָט זיך אָנגעהויבען דערמאַנען אָן נאָך פאַר־שיידענע פעלע, וואו איהר אויטאָריטעט'ס וויסענשאַפטליכע ענט־פערס האָבען ניט ענטשפּראָכען דעם אמת. עס האָט ניט לאַנג גע־נומען, און דער גרויסער אויטאָריטעט האָט אזוי צוזאַמענגעשראַנ־קען, אז עס איז פון איהם גאָרניט געבליבען. דאָס קינד האָט אָנ־געהויבען שטאַרק צווייפלען אין דעם אמת פון די ענטפערס און האָט אויפגעהערט שטעלען פראַגען.

קלאָגט זיך אָבער א מוטער: „איך האלט אין איין ענטפערען מיין אינגעלע, איך וויים ניט און איך וויים ניט. איך וויל קיין מאָל ניט אָפּנארען דאָס קינד מיט פאַלשע ענטפערס. וואס־זשע מיינט איהר איז דער רעזולטאַט? דאָס קינד איז זעקס יאָהר אַלט, ווייס ער שוין אז איך בין אונוויסענד. אָפּט וויל ער עפּעס פרעגען און פארכאַפּט זיך. — דו ווייסט סיי ווי ניט וויסען, וואָס צו ענטפערען. — איך לייד דערפון שרעקליך. וואָס מעהר מיין קינד וועט אָנהויבען לערנען, וועט ער אלץ מעהר פאַרלירען זיין רעס־

פּעקט צו מיר, ער וועט מיך רעכענען פאַר פיעל נידעריגער פון זיינע לעהרערינס.״

דאָס קינד וועט אָבער אויך פאַרשטעהן מיט דער צייט, אַז וועהרענד זיין מוטער האָט ניט געהאַט קיין מעגליכקייט צו געניסען פיעל בילדונג, האָט זי זיך אבער באַצויגען אָרענטליך, האָט איהם קיין מאָל ניט גענאַרט און האָט קיין מאָל ניט געזוכט צו ערשיינען פאַר איהם אַלס מעהר ווי זי איז געווען.

געוויס, וואָס מעהר די מוטער ווייסט, אַלץ בעסער קען זי דאָס קינד צופריעדענשטעלען. קינדער אינטערעסירען זיך מיט אַלעס, וואָס זיי באַמערקען, און וועגען אַלעס ווילען זיי וויסען. אַ מוטער וואָס האָט אַביסעל איבעריגע צייט, וואָלט עס געדאַרפט האַלטען פאַר איהר פליכט צו לעזען וועגען אַזעלכע געגענשטאַנדען, וואָס ווילען איהר העלפען מעהר אָדער וועניגער באַפרידיגען דעם קינד׳ס הונגער נאָך וויסען. פיעלע פרויען געבען אוועק גאָר אַ סך צייט אויף העפטען קליידעלאַך פאַר די קינדער, אָדער אויף אַנדער האַנט־ארבייט. אַנדערע נוצען אויס די צייט אויף צו לעזען שעהנע לי־טעראַטור. דאָס זיינען אַלץ גוטע זאַכען פאַר דער מוטער, דעם קינד אָבער ברענגען זיי ניט פיעל נוצען. ווען די יונגע מוטער זאָל בעסער אויסנוצען איהר צייט אויף צו לעזען וועגען קינדער ער־ציהונג, וועגען דעם ווי צו שפּיעלען מיט דעם קינד, ווי צו פאַרענט־פערען זיינע פראַגען און דערגלייכען, וואָלט זי זיך פיעל מעהר פאַרפאָלקאָמט אַלס מוטער. נאָך אַלעמען האָט אַ מוטער זעלטען אַן אויפגאַבע וואָס שטעהט העכער, ווי איהר אויפגאַבע צו זיין אַ מעגליכסט פאָלקאָמענערע מוטער.

דאָס מיינט אָבער ניט אַז די אונוויסענדע מוטער קען ניט האַלטען איהר קינד׳ס צוטרוי אָדער זיין ליעבע. עלטערען ליעבט מען אַפילו אויב מען צווייפעלט אין זייער הויכער אינטע־לעקטועלער ענטוויקלונג. עס איז נאָר ניט געזאָגט געוואָרען, אַז אַ מוטער אָדער אַ פאַטער דאַרפען זיין ענציקלאָפּעדיעס. מען מעג זיי ניט האַלטען פאַר אויטאָריטעטען איבער אַסטראָנאָמי, ביאָלאָגי און אַנדערע וויסענשאַפטען און דאָך רעכענען זיך מיט זייער ער־פאַהרונג אין לעבען און פאָלגען זיי סיי אויס צוטרוי, סיי אויס ליעבע.

איין זאך דארפען אָבער געדענקען די, וואָס האנדלען מיט קינ־
דער. פאָלגען אויף אַן אמת'ן, מיט זיין אייגענעם ווילען קען דאָס
קינד נאָר די, צו וועמען עס האָט צוטרוי. און צוטרוי קען עס
נור האָבען צו די וואָס נארען עס ניט.

א חוץ וואָס איניגע נארען אמאָל די קינדער, אום צו שאפען
דעם איינדרוק, אז זיי וויסען אלעס, באנוצט מען זיך אויך אָפט
מיט ליגענס אום אונטערצוקויפען דאָס קינד אז עס זאָל פאָלגען און
טאָן א זאך וואָס איז פאר איהם ניט אנגענעם. דאָס קינד איבער־
צייגט זיך אָבער באלד, אז מען האָט איהם אָפּגעקויפט מיט א ליגען
און נאטירליך ברעכט דאָס אונטער זיין צוטרוי.

זאָגט, למשל, איהר קומט מיט דעם קינד צו גאסט. דאָס קינד
פארברענגט זיך גוט, עס פאראינטערעסירט זיך מיט די שפּיעלצייג
און מיט דער געזעלשאפט פון אנדערע קינדער און ווען עס קומט
צום אהיים געהן, זאָגט עס, ניין. איהר שלאָגט איהם פאָר צו
ענדיגען די אָנגעהויבענע שפּיעל, אין וועלכער עס איז שטארק פאר־
אינטערעסירט און דאן געהן. דאָס קינד ענדיגט און עס וויל נאָך
אלץ ניט געהן, עס איז זיך איהם שווער צו שיידען, אוועקצוגעהן פון
יענעם הויז. דאָס בעסטע איז דאָן צו זאָגען דעם קינד.

„מיר קענען דאָ לענגער ניט פארבלייבען, מיר זיינען נאָר געקו־
מען צו גאסט און יעצט איז צייט צו געהן צוריק אהיים."

אויב דאָס קינד פרעגט וויטערע פראגען, ער־
קלערט איהר איהם אז איהר האָט וואָס צו
טאָן אין דער היים; אָדער אז די מענשען צו וועלכע
איהר זייט געקומען קענען זיך מיט אייך וויטער ניט אונטערהאל־
טען; אָדער אז עס איז שוין באלד צייט צו געהן שלאָפען, מיט
איין וואָרט, איהר זאָגט איהם דעם אמת, און גיט איהם א ריכטיגען
באגריף וועגען געוויסע מענשליכע באציהונגען. וועגען דעם, וואָס
עס מיינט געהן צו גאסט, ווען מען דארף זיין ביי זיך אין דער
היים, און ז. וו. דאָס קינד וועט אייך ניט גלייך פארשטעהן, אָדער
עס וועט ניט זיין גלייך בכוח אוועקצורייסען זיך פון דער געזעל־
שאפט, אָבער עס פארשטעהט זיך, אז עס וועט מוזען געהן, ווייל
איהר קענט דאָרט וויטער ניט פארבלייבען.

אייך אזא אופן שטעלט איהר גלייך אוועק פאר דעם קינד

דעם הויפט פונקט: קומען צו גאסט הייסט פארברענגען א וויילע און דאן אהיים געהן. מיט דער צייט וועט אייך דאָס קינד פאר־שטעהן, און ווי אנגענעם עס וועט פאר איהם ניט זיין צו פאר־ברייגנען אין אַ געוויסער הויז, וועט עס דאָך פאָלגען דעם אָנגענומענעם כלל און אָהן שום טענות וועט עס פארלאָזען אַ פרעמד הויז, ווען נויטיג. עס וועט קריגען איבונג אין קאָנטראָ־לירען זיך, אין צוריקהאלטען זיך. עס וועט דאן פאָלגען ניט דער מאמעס אַ פארלאנג נאָר אַ כלל אין געזעלשאפטליכען לעבען.

נעמט איהר אָבער דאָס זעלבע קינד און צווינגט איהם צו געהן אהיים דורך דעם וואָס איהר קויפט איהם אונטער מיט אַ ליגען. איהר זאָגט איהם, אז אין דער היים וואַרט אויף איהם אירגענד אַ געליעבטער קרוב מיט שעהנע פּרעזענטען. אָדער אז איהר וועט איהם אין דער היים געבען די בעסטע מאכלים. דאָס קינד איילט זיך אהיים צו קומען און געפינט, אז די צוגעזאָגטע גליקען זיינען ניט געשטויגען און ניט געפלויגען. דאָס קינד פיהלט זיך ענטוישט, אָפּגענאַרט. מיט דער צייט פארשטעהט עס אז „צוזאָגען און ליעב האָבען קאָסט קיין געלט ניט." עס פארלירט זיין צוטרוי צו עהנליכע פארשפּרעכענס, און עס הויבט אויך אַליין אָן אָפּצונאַרען. אז די מאמא מעג צוזאָגען און קיין וואָרט ניט האלטען, מעג דאָך דאָס קינד געוויס. קיין פארלאנג צו פאָלגען קען אזא מעטאָד געוויס ניט ענטוויקלען.

איינענטליך איז די פראגע וועגען געהאָרכזאמקייט די שווער־סטע אויף וועלכער די מעהרסטע עלטערען שטויסען זיך אָן. עס זיינען פאראן זעהר ווייניגע וואָס קענען האנדלען לויט די אָנגעווי־זענע כללים. דערצו פאָדערט זיך אונגעהייער פיעל געדולד און אַ טיעפע פארשטענדניס פון דעם קינדס פסיכאָלאָגי. און ניט נאָר דאַרף מען קענען אַלגעמיינע פסיכאָלאָגי, נאָר נאָך וויכטיגער איז צו פארשטעהן יעדעס קינד באזונדער מיט וועלכען עס קומט אויס צו האנדלען. עס זיינען פאראן גאנץ איינפאכע, ניט געבילדעטע מו־טערס, וועלכע פארשטעהען זייערע קינדער פיעל בעסער, ווי אנער־קענטע שול־לעהרערס. אזעלכע מוטערס ווייסען זיך ווי צוצופאַ־סען צו זייערע קינדער, אז זיי זאָלען פארמיידען קאָנפליקטען און אין דער זעלבער צייט ניט „נאָכגעבען די שמר". די מעהרסטע מענ־

שען אָבער זיינען ניט געבענשט פון דער נאַטור מיט קיין טיעפען איינבליק אין דעם מענשענס און באזונדער אין קינד׳ס נשמה. און מאנכע וואָס קענען יא אריינקוקען און פארשטעהען, וואָס אין קינד קומט פאָר, האָבען ניט דאָס געדולד צוצופּאַסען זיך און די באדינגונגען צום קינד׳ס פאדערונגען‏אזוי, אז עס זאל פאלגען ווילענדיג, ניט געצוואונגען, ניט גענארט און ניט אונטערגעקויפט. היינט ווער רעדט שוין פון די פיעלע, פיעלע עלטערען און לעהרערס אין וועמען זייערע לעבענס און ארבייטס־באדינגונגען דערשטיקען יעדע פעהינקייט צו זיין ערציהערס.

עס איז געווים א שווערער, זעהר א שווערער פּראָצעס צו ענטוויקלען אין קינד דעם ווילען צו פאָלגען. עס איז פיעל גרינגער איהם צו צווינגען דורך אָנשרעקען אָדער אָפּנארען. אָבער ווי זאָגט בערנארד שאָו, רעדענדיג וועגען דעם ווי שעדליך עס איז צו שלאָגען א קינד, אויב אפילו מען צווינגט איהם דערמיט צו פאָלגען.

„ווען מיר ווילען זיך ארונטערלאָזען פון דעם 80טען עטאַזש פון א וואָלקען־קראַצער, קען מען אם לייכטסטען דערגרייכען די גאס, ווען מען געהט ארויס דורך דעם אָפענעם פענסטער און מען פארלאָזט זיך אויף דער צוציהונגס קראפט פון דער ערד, אז זי וועט ארויסהעלפען אין דער אונטערנעמונג. פון דעסטוועגען נעמען זיך מענשען געדולדיג די צייט צו ווארטען אויף דער פאהר־שטול (עלעווייטאָר), אָדער זיי געהען צו־פוס.”

דעם קינדס גייסט ליידט אפשר ניט פיעל ווענינגער פון דעם שנעלען אונגעדולדיגען מעטאָד פון אָפּנארען אָדער אָנשרעקען, ווי עס וואָלט געליטען דער קערפּער פון דעם אונגעדולדיגען שפרונג פון פענסטער.

אָבער, ווי נעמט מען די אויגען צו זעהן דעם גייסט, אזוי ווי מען זעהט דעם קערפּער?

## וואָס איז ווירקליכע זעלבסטשטענדיגקייט?

ווען מיר באַגעגענען זיך מיט אַ מענשען, וואָס פיהלט זיך שטאַרק און זעלבסטשטענדיג אין אַלעס, וואָס ער טוט, וואָס האַנ־דעלט פעסט און זיכער און פאַרטראַכט זיך ניט יעדע ווײַלע צי האָט ער געטאָן ריכטיג צי ניט; ער פרעגט ניט יעדע ווײַלע קיין עצות; האָט ניט קיין מורא, אַז ער וועט פון וועמען עס איז באַ־שטראָפט ווערען, — זײַנען מיר אַזאַ מענשען מקנא, מיר האַלטען, אַז ער איז גליקליך. אויף איהם, זאָגען מיר, קענען מיר זיך פאַר־לאָזען, „ער וועט שוין באַשטעהן זײַן שטעדטעל“. אָבער, דאָס אַליז, וואָס מיר האָבען דאָ אויסגערעכענט, איז נאָך ניט גענוג צו מאַכען אַ מענשען דורכאויס זעלבסטשטענדיג. **פולע זעלבסטשטענדיגקייט** שליסט אויך איין **אונאָפּהענגיגקייט**.

אָפּהענגיג איז אַ מענש ניט נור ווען ער איז שוואַך, קראַנק אָדער אָרעם און הענגט אָפּ פון דעם צווייטענס הילף, נור אויך דאַן ווען ער הענגט אָפּ פון אַ צווייטענס באַדיענונג. ווי זאָגט דר. מאָנטעססאָרי: — „מיר האַלטען זיך אָפּט פאַר אונאָפּהענגיג איינפאַך דערפאַר, וואָס קיינער באַפעהלט אונז ניט, און מיר באַ־פעהלען אַנדערע; אָבער דער אַדעלמאַן, וועלכער דאַרף רופען אַ דיענער צו זײַן הילף איז אין דער ווירקליכקייט אָפּהענגיג, ער איז ריקשטענדיג אין פאַרגלייך מיט זײַן דיענער.“ און ווייטער: „מיר זײַנען נאָך ביז איצטער ניט דורכגעדרונגען מיט דעם באַגריף וועגען אונאָפּהענגיגקייט אין העכסטען זין פון וואָרט דערפאַר, וואָס מיר לעבען אונטער אַ געזעלשאַפטליכער אָרדנונג, וואו עס עקזיסטירט דיענערשאַפט. אין אַ ציוויליזאַציע, וואו עס זײַנען דאָ באַדיענער, קען זיך ניט פרײַ ענטוויקלען דער אמת'ער באַגריף און

די פאָרמע פון לעבען, וועלכע רופט זיך „אונאָפּ־הענגיגקייט”. עס איז ניט שווער צו זעהן דעם אמת פון דיזע באַ־הויפּטונגען. נעמען מיר, צ. ב. א רייכע פאַרשווענדערישע פרוי. וואָס הענגט דורכאויס אָפּ פון איהר מאַן, ער זאָל מיט זיינע פאַר־דיענסטען מאַכען מעגליך איהר נאַרישען, [illegible]קסוספולען לעבען. און פון צווייטען זייט הענגט זי אָפּ פון איהרע דיענסטען, זיי זאָלען מיט זייער אַרבייט איהר געבען די מעגליכקייט צו לעבען ווי זי וויל. אליין איז זי צו שוואַך און ניט דערוואַקסען, און צי דער מאַן וואָלט איהר פאַרלאָזען, צי די דיענסטען וואָלטען זיך ענטזאַגט צו דיענען, איןביידע פעלע וואָלט איהר געווען שרעקליך שווער צו לעבען זעלבסטשטענדיג. זי הענגט אָפּ סיי פון איהר בעל הבית סיי פון איהרע דיענסטען.

צו זיין פאָלקאָמען אונאָפּהענגיג הייסט, אלזאָ, ניט צו זיין צו וועמען עס איז פאַרשקלאַפּט און ניט צו דאַרפען וועמעס עס איז הילף.

אויף ווי פיעל, וויז'ער, מיר הענגען אָפּ געזעלשאַפּטליך פון די איבעריגע מיטגליעדער פון דער גרופּע, צווישען וועלכער מיר לע־בען, אוף אזוי פיעל דאַרפען מיר אויך טאָן אונזערע פליכטען צו יענער גרופּע, אזוי אז די באַציהונגען צווישען איינעם און צווייטען וועלען זיין באַגרינדעט אויף דער געגענזייטיגער הילף פון זעלבסטשטענדיגע מיטגליעדער, און ניט אויף אָפּהענגיגקייט פון וועמען עס איז.

ווען, צום ביישפּיעל, יעדער מיטגליעד פון א פאַמיליע טוט זיין טייל אַרבייט אויף צו פאַרבעסערען דאָס לעבען פון דער פאַ־מיליע, הייסט עס, אז אלע אינאיינעם האַלטען אויף דעם וואויל־זיין פון דער קליינער גרופּע. יעדער איז א נויטיגער טייל, און איי־נער שטערט ניט דעם צווייטען, הענגט אויך ניט אָפּ פון דעם צווייטען מעהר, ווי דער צווייטער הענגט אָפּ פון איהם. ווען אָבער אין אזאַ פאַמיליע איז פאַראַן אַן מיטגליעד א קראַנקער, א פוי־לער אָדער אזא, וועלכער עקספּלואַטירט אויף וועלכען עס איז אופן די איבעריגע מיטגליעדער פון דער פאַמיליע, הייסט עס, אז ער טוט ניט זיין פליכט צו דעם וואוילזיין פון די איבריגע און עס הענגט דורכאויס אָפּ פון זייער גוטען ווילען, אָדער פון זייער נאַריש־

קייט איהם אויסצוהאלטען. צי איז ער אַ טיראַן, צי איז ער אַ שקלאַף, יעדענפאַלס איז ער ניט אונאַפּהענגיג און פּאַלגליך ניט זעלבסטשטענדיג, ווייל די איבריגע קענען אויסקומען אָהן איהם און ער אָהן זיי קאָן ניט אויסקומען.

## דעם קינד'ס אונאפּהענגיגקייט.

וואָס טוט מען צו ערציהען אונזערע קינדער אזוי, אַז זיי זאָלען ערדייכען די מעגליכסטע העכסטע שטופּע פון זעלבסטשטענדיגקייט?

געוועהנליך ווערט דעם קינד'ס זעלבסטשטענדיגע האַנדלונג זעהר פיעל געשטערט פון די ערוואַקסענע. אמת, זיי ווילען דערמיט באַהילפיג זיין דעם קינד, אָבער זיי פאַרשטעהען ניט, אַז אנשטאַט איהם צו ברייגגען נוצען שטערען זיי מיט זייער הילף זיין פרייער ענטוויקלונג.

ווען דאָס קינד קומט צו אונז איז עס דורכאויס הילפלאָז, און ווען מיר זאָלען עס דאן לאָזען לעבען פאַר זיך, אָהן אונזער הילף וואָלט עס איינגאַנצען אונטערגעגאַנגען. אָבער וואָס ווייטער באַפרייט זיך עס אַלץ מעהר פון זיין הילפלאָזיגקייט און עס ווערט מעהר זעלבסטשטענדיג. אַט האַלט עס שוין אַליין אַ שטיקעל ברויט אין האַנט. אַט קען עס שוין אריינגעהן אויף זיינע אייגענע פיסלאַך, און מען דאַרף עס שוין מעהר ניט אַרומטראָגען אויף די הענט. אַט הויבט עס שוין אָן אַליין צו באַנוצען זיך מיט דעם לעפעלע ביים עסען. באַלד פּרובירט עס זיך אַליין אָנטאָן די שיכלעך און זעקלעך, און שפּעטער אַביסעל אויך די קליידעלעך. עס טוט אַלעס זיך צו באַפרייען פון אונזערע הענט, צו ווערען אונאַפּהענגיג. מיר, אָבער, ווייסען, אַז מיר האָבען די אויפגאַבע צו באַשיצען דאָס קינד, איהם צו העלפען, — און מיר זיינען אַזוי געוויסענהאַפט אין אונזער ארבייט, אַז מיר כאַפּען אריבער די מאָס.

נאָך נאָר ניט לאַנג צוריק פלעגט מען די קינדער שטעלען אין גאַנג־וועגעלעך און אויף פאַרשיידענע אַנדערע אופנים זיי העלפען געהן, ביז מען האָט זיך אַרומגעקוקט, אַז דאָס קינד קאָן געהן אָהן אונזער הילף, און זיינע פיסלעך זיינען גלייכער און שטאַרקער ווען

מיר לאָזען איהם אליין „שטעלען זיך אויף די פיס". וואָלטען מיר איהם וועניגער געהאָלפען אין אנדערע הינזיכטען, וואָלטען מיר געפינען דעם זעלבען כהרפריז. דאָס קינד וואָלט אָהן אונזער הילף ערררייכט מעהר, ווי מיט אונזער הילף.

מעהרסטענס פּאַסירט, אַז ווי מיר זעהען דאָס קינד נעמט זיך עפּעס טאָן, קומען מיר איהם גלייך צו הילף אָדער מיר הויבען איהם אָן דערצעהלען וואָס עס דאַרף טאָן. דאָס קינד נעמט זיך אליין ארויפציהען די זעקעלעך, באַלד כאַפּען מיר זיי צו און ציהען זיי אָן אויף זיינע פיסלעך. דאָס קינד וויל ארויפקריכען די שטי־גען, לויפען מיר אונטער און נעמען איהם אויף די הענט, מיט דער באַמערקונג „קריך ניט, דו וועסט פאַלען". דאָס פיצעלע נעמט אַ גלאָז אין האַנט, באַלד כאַפּט מען די גלאָז ארויס; „ניט, דו וועסט צוברעכען". דאָס מענשעלע קריגט אַ מתנה אַ פייפעלע, עס האָט נאָך קיין צייט ניט דאָס גוט צו באַטראַכטען און זעלבסט־שטענדיג צו ענטדעקען, וואָס מען קאָן דערמיט אויפטאָן, ווי עס שיטען זיך שוין אויף זיין קעפּעלע ווערטער מיט ווערטער, „האַלט עס אָט אזוי, פייף אָט אזוי". און ווי עס מאַכט אַ טעות, „גיב, וועל איך דיר ווייזען. ניט אזוי, דאָס טויג ניט, אָט אזוי נעם דאָס, אזוי האַלט דאָס, אזוי פייף". ווען מען זאָל אנשטאַט די אלע ווערטער, געבען דעם קינד דאָס פייפעלע און דערביי נאָר איין פייף טאָן, אום עס זאָל זעהן דעם צוועק פון שפּיעלצייג און ווייטער נאָר ניט ריידען, וואָלט דאָס קינד פיעל מעהר געוואונען פון דעם שפּיעלכעל. עס וואָלט זיך אוועקגעלאָזט שטודירען דעם נייעם געגענשטאַנד און מאַכען ענטדעקונגען ביז עס וואָלט אויסגעפונען, אַז עס קען אליין פייפען אזוי גוט, ווי דער ערוואַקסענער מתנה געבער. דאָס קינד וועט זיך דאַן פיהלען זעלבסטשטענדיג און צו־פריעדען, און די זאַך וועט פאַר איהם האָבען אַ פיעל גרעסערען אינטערעס און באַדייטונג. ווען איהר לאָזט דאָס 14 אָדער 16 מאָנאַטדיגע קינד אליין קריכען אויף די שטיגען, וועט איהר זיך איבערצייגען, אַז עס וועט זיך גאָר שנעל אויסלערנען קלעטערען און עס וועט זיין פיעל מעהר פאָרזיכטיג, ווי ווען איהר האַלט איהם אָן אין דערצעהלען, אַז עס דאַרף זיך היטען. פּונקט אזוי גוט מעג מען דעם קינד אָנפאַרטרויען גלעזער, טעלער און אנדערע

זאכען, וואָס ברענגען זיך לייכט. איהר דארפט נאָר זעהן, אַז די זאַ־
כען זאָלען ניט געברויכט ווערען אַלס שפּיעלצייג, נור בלויז פאַר
דעם צוועק, פאַר וועלכען איהר געברויכט זיי אַליין. אמת, דאָס
יונגע קינד וועט אמאָל אריינפאַלען אין דער שטימונג צו וואַרפען
זאכען און וועט אפשר אַ וואָרף טאָן אַ גלאָז, נאָר ווען איהר רעגט
עס ניט אויף, פּאַסירען אַזעלכע שטימונגען גאַנץ זעלטען און צו
קיין גרויכען שאָדען קומט עס ניט. דערפאַר אָבער קריגט דאָס
קינד אַ געפיהל פון זעלבסטשטענדיגקייט און עס לערענט זיך אויס
„געהן מיט זיכערע שריט", טאָן אַלעס רוהיג, געלאַסען, און פאָר־
זיכטיג. ווען דאָס קינד וועט ניט ווילענדיג צוברעכען אַ טעלער,
און איהר וועט איהם דערביי קיין לעקטשורס ניט לעזען, וועט עס
פון דעם צוברעכען אליין פיעל מעהר לערנען וועגען פאָרזיכטיג־
קייט, ווי איהר קענט עס ווען עס איז אויסלערנען מיט אייערע
ווערטער.

ווי דאָס קינד ווערט אביסעל עלטער און קריגט אַ שטאַרקען
פארלאַנג זיך אליין צו וואַשען, זיך אליין אָנצוטאָן, איז עס ניט
מעהר ווי רעכט צו געבען איהם די פולע פרייהייט צו טאָן די אַלע
זאכען. די זייף, דער האַנדטוך, דער קאַם און אַלע אַנדערע זאכען,
וואָס עס דאַרף צום אויספּוצען זיך דאַרפען זיך געפינען אויף
אַזעלכע ערטער, וואו דאָס קינד קען זיי לייכט גרייכען ווען עס
דאַרף זיי געברויכען. און זאָל דאָס מענשעלע אַליין בעל הבתי־
ווען ארום זיך.

אמת, מען דאַרף דערצו אַ סך געדולד, ווייל עס נעמט דעם
קינד זעהר לאַנג, ביז עס לערענט זיך אויס די פאַרשיידענע פּראָ־
צעסען, אָבער אָהן געדולד קען מען איבערהויפּט קיין קינד ניט
ערציהען.

ווען אַ קינד הויבט אָן ארויסצוהעלפען דער מאַמע'ן אין
איהר בעל הבית'ישקייט איז צייט צו באַזאָרגען איהם מיט אַלע קלאַ־
פערגעצייג, וואָס די מאַמע פאַרמאָגט, נאַטירליך, אין אַ קליינעם
פאַרמאַט, און עס לאָזען בעל הבית'עווען. אַ בעזעם, אַ מאַשינקע
צו קערען די קאַווייאָרען, אַ שמאַטע ארימצואווישען, אַ האַנטוך צו
ווישען געשיר, אַ וואַש ברעטעל, אַ פרעסעל א. אַז. וו. און אַז. וו.
דאָס זיינען אַלין זאכען, מיט וועלכע מען קאָן טאָן ניצליכע אַרבייט.

מען איבט די מוסקולען, און מען ענטוויקעלט א געפיהל פון זעלבסטשטענדיגקייט.

אויב דאס קינד האט דאס גליק צו פארמאגען אן אייגען צי־מער, אדער ווענינסטענס אן אייגען ווינקעל פאר זיינע זאכען דארף מען איהם אויף וויט מעגליך ערמוטיגען אליין אויפצופאסען אויף זיינע זאכען. געווים דארף מען זיך רעכענען מיט זיינע כוחות. מען קען ניט ערווארטען אז א קינד פון דריי יאהר זאל טאן א זאך וואס פאדערט א סך געדולד, אדער פיזישע קרעפטען, וועלכע דאס קינד פארמאגט נאך ניט.

אויף וויפיעל אבער דאס קינד נעמט זיך אליין ארבייטען טאר מען איהם געווים קיין מאל ניט שטערען.

א קינד פון פינף־זעקס יאהר, וואס קען זיך אליין ארומוואַשען, אנטאן, צוקלייבען אין זיין אייגענעם צימער, צוואַוואַשען א פאר קלייניגקייטען און נאך העלפען דער מאמע צו ווישען די גע־שיר פיהלט זיך אונאפהענגיג און זעלבסטשטענדיג. א קינד אבער אין זעלבען עלטער, וואס דארף נאך יעדער קלייניגקייט אנקומען צו דער מאמע'ס הילף איז א שוואכע, הילפלאזע בייבי.

## זעלבסטשטענדיגקייט אין דענקען און אין אויסדריקען געדאנקען.

און ניט נאר אויף דעם געביט פון ארבייט איז גוט מיר זאָ־לען די קינדער לאזען זיין זעלבסטשטענדיג, נאר אויך אויף דעם געביט פון דענקען. אנשטאט צו דערצעהלען זיי מעשות און געבען ערקלערונגען, וועגען אלעס, וואס זיי זעהען, איז פיעל בעסער צו לאזען זיי אליין באטראכטען די זאכען און ווען זיי פאראינטערע־סירען זיך און פרעגען פראגען דאן זאל מען ענטפערען קורץ און צום פונקט.

צום ביישפיעל, מיר בויען פאר א קינד אויס א הייזקעלע פון קלעצעלעך. מיר קענען דאן טאן איינס פון די צוויי: מיר קענען זיך גלייך נעמען ערקלערען „דו זעהסט, דאס זיינען פענסטערלעך, דאס איז א טיר, און דאָ זיינען די שטיגען און אז. וו." אדער מיר קענען לאזען דאס קינד באטראכטען די געביידע און געוועהנליך

וועט עס פרעגען: „וואָס איז דאָס?" אויף יעדען טייל, וואָס עס וועט ניט דערקענען, און זעהר אָפט אויך אויף טיילען, וואָס עס וועט יא דערקענען. דאָס בעסטע איז נאָך יעדער פראַגע איהם צו־ריק פרעגען, „וואָס דענקסטו דו איז דאָס?" ווען עס ווייסט וועט עס ענטפערען און ווען עס ווייסט ניט, זאָגען מיר איהם. אויף אַזאַ'ן אופן וועט דאָס קינד אי דענקען אי אויסדריקען זיינע גע־דאַנקען זעלבסטשטענדיג. טוען מיר אָבער ווי אין ערשטען ביי־שפּיעל, שוואַכען מיר אָפּ זיין דענקונגס קראַפט און רויבען פון איהם די געלעגענהייט זיך אליין אויסצודריקען. אנשטאַט זעלבסטשטענדיגע געדאַנקען געבען מיר איהם „אָן אָפּגעשיילטע איי אין מויל אריין", און אנשטאַט זעלבסטשטענדיג זיך אויסצודרי־קען, זאָגט עס נאָך פרעמדע ווערטער.

מיר קענען אמאָל ציהן דעם קינד'ס אויפמערקזאַמקייט צו ערשיינונגען, וועלכע מיר ווילען דאָס קינד זאָל באַמערקען. מיר דאַרפען איהם אָבער גאָרניט דערצעהלען וועגען די ערשיינונגען, אויסער ווען דאָס קינד פרעגט און ציינט מיט דער פראַגע, אַז די ערשיינונג האָט ערוועקט זיין אינטערעס. איהר ווילט, אַ שטייגער, דאָס קינד זאָל באַמערקען די נאַטור און די פאַרשיידענע באַשעפע־נישען אין דער נאַטור. ציהט איהר זיין אויפמערקזאַמקייט אויף אַזאַ שטייגער: „זעה, אָט פליהט אַ שעהנע זומער־פייגעלע. ווי געפעלט דיר דאָס ווערעמעל? די בוימער ווערען גרין. דער ווינד שאָקעלט די צווייגען". איהר דאַרפט דערביי זיין פאָרזיכ־טיג ניט צו מאַכען מעהר ווי איין באַמערקונג אויף אַ מאָל, ווייל דאָס קינד קען זיך ניט אָפּשטעלען אויף די פאַרשיידענע געגענ־שטאַנדען מיט איין מאָל. אויב איהר ווילט דאָס קינד זאָל באַ־מערקען דאָס ווערעמעל קענט איהר צו איהם אין דער זעלבער צייט ניט ריידען וועגען פייגעלע, זאָנסט וועט איינס פאַרשטעלען דאָס צווייטע.

נאָך אַ פּאָר אַזעלכע באַמערקונגען וועט דאָס קינד שוין אליין אייך פאַרוואַרפען מיט פראַגען וועגען „נאַטור־וויסענשאַפט". אבי־סעל שפּעטער וועט עס אויך אָנהויבען פאַרגלייכען פאַרשיידענע זאכען, אָדער פאַרשיידענע באַשעפענישען, וואָס האָבען דיזעלבע אייגענשאַפטען. איהר וועט הערען, צום ביישפּיעל, אַזוינע ערקלע־

רונגען: „דאָס פייגעלע אויף דעם בילד איז אזוי בלוי ווי מיין קליידעלע, אָדער: דאָס זומער פייגעלע האָט פליגעלאך. דאָס ווע־רעמעל קריכט און די מוראשקע קריכט". אין אזעלכע פעלע וועט עס הייסען, אז מיט א קליינעם שטויס פון אייער זייט וועט איהר ארויספיהרען דאָס קינד אויפ'ן וועג אליין צו ענטוויקלען זיין באַ־אָבאַכטונגס־קראַפט. דאַן וועט עס שוין גאָר זעלבסטשטענדיג, אינגאַנצען אונאָפּהענגיג פון אייך, דורך אייגענע ענטדעקונגען, ענטוויקלען זיין פאַרגלייכונגס־קראַפט. די ביידע קרעפטען, די קראַפט צו באָאָבאַכטען און די קראַפט צו פאַרגלייכען זיינען זעהר וויכטיג אין דעם אינטעלעקטועלען וואוקס פון מענשען. גיט איהר דעם קינד אימער גרייטע „לעסאָנס" וועגען אלעס און לאָזט איהם ניט פריי און זעלבסטשטענדיג ענטוויקלען דיזע און עהנליכע נאַ־טירליכע קרעפטען, שטערט איהר איהם זעהר פיעל אין זיין וואוקס, איהר שוואַכט אָפּ זיינע פעהיגקייטען.

פאַראַנען אויך עלטערען וואָס דיקטירען די קינדער, וואָס זיי זאָלען זאָגען און וואָס זיי זאָלען טאָן אום צו מאַכען א גוטען איינ־דרוק אויף מענשען. „זאָג דעם אָנקעל: לאָזט גריסען דער טאַנטע. זאָג צום מיידעלע: קום מיך ווידער באזוכען" אָדער, „דעקלאַמיר עפּעס פאַר דער טאַנטע. זינג א לידעלע, מאַדאַם זאָ און זאָ וויל הערען, ווי שעהן דו קענסט זינגען". אזעלכע אויפפאָ־דערונגען הרג'ענען אוועק דעם קינד'ס זעלבסטשטענדיגקייט. בע־סער זאָלען מענשען ניט זעהן דעם קינד'ס חכמות, און בעסער זאָל עס זיך ניט אויסלערנען אזוי גיך דעם אָנגענומענעם עטיקעט, ווי עס זאָל נאכפּלאַפּלען א צווייטענס ווערטער אָדער באווייזען זיך מיט חכמות, וועז א צווייטער פאָדערט עס. דעם קינד'ס זעלבסט־שטענדיגע ענטוויקלונג איז פיעל, פיעל וויכטיגער ווי די גוטע גע־זעלשאַפטליכע מיינונג.

מען באגעגענט אָפט פעהיגע, קלוגע קינדער און עס דוכט זיך, אז לויט זייערע יאָהרען, זאָגען מיר 10—12, וואָלטען זיי שוין געקענט זיין גאַנצע מענשען. פון דעסטוועגען האנדלען זיי ווי קליינע קינדער. ווען איהר רעדט צו זיי, ענטפערען זיי ניט פריי, נור זיי קוקען זיך ארום צו דער מוטער. ווען איהר שלאָגט זיי פאָר עפּעס טאָן א קלייניגקייט, אָדער עפּעס עסען, פרעגען זיי דער מו־

טער'ס ערלויבניש. איהר פרעגט זייער מיינונג וועגען עפּעס, זוכט
מען ווידער דער מאמע'ס אויג. איהר פיהלט, אז דאָס גרויסע פעהיגע
קינד דארף זיך נאָך באהאלטען אונטער דער מאמע'ס פארטוך. און
די שולד איז אין אזעלכע פעלע טאקע נור דער מוטער'ס. ווען מען
זאָל לאָזען אזעלכע קינדער אליין אויסקלייבען דאָס שטאָף און די
פאסאָנען פון זייערע קליידער; אליין אויסקלייבען פרעזענטען
פאר אנדערע קינדער צו זייערע געבורטסטעג; אליין באשטימען
וואו זיי ווילען געהן שפּאצירען; אליין פלאנעווען זייערע אייגענע
שמחות, אליין טאָן, וואָס זיי זיינען בכח צו טאָן, וואָלטען אָט
די אלע פארשיידענע זאָרגען זיי פיעל געהאָלפען צו ווערען שטאר־
קע און זעלבסטשטענדיגע מענשען. עס וואָלט זיי מעהר און מעהר
נעלערענט צו פארלאָזען זיך אויף זיך אליין. זיי וואָלטען ניט גע־
דארפט אימער קוקען דער מאמען אין די אויגען אריין.

לאָזט דאָס קינד אויף ווי ווייט מעגליך אליין טאָן, אליין דענ־
קען, און אליין אויסדריקען זיינע געדאנקען, וועט איהר פארקירצען
די צייט פון זיין הילפלאָזיגקייט און איהר וועט איהם העלפען בויען
אין זיך א שטארקען, פרייען און אונאפּהענגיגען כאראקטער.

## דעם קינד'ס פריוואטע אנגעלעגענהייטען.

עס זאָגט א גלייכווערטעל: „א סוד איז דיין שקלאף אזוי
לאנג ווי דו האלסט איהם ביי זיך. ער ווערט דיין הערשער אזוי
שנעל ווי דו לאָזט איהם ארויס.“

יעדער פון אונז פיהלט, אז אין אונזער פריוואט לעבען זיינען
דאָ אזעלכע זאכען, אויף וועלכע א צווייטער האָט קיין רעכט ניט
צו קוקען. ווען מיר האָבען עפּעס א סוד און מיר דארפען אימער
ציטערען אז א צווייטער וועט דיזען סוד ארויסגעבען צו וועמען ער
וויל, פיהלען מיר זיך ניט פריי און מיר הענגען דורכאויס אָפּ פון
דעם צווייטענס גוטען ווילען דיזען סוד צו דערצעהלען, אָדער צו
האלטען פאר זיך.

פונקט אזוי קאָנהעגגיג פיהלט זיך דאָס קינד, ווען עס ווייסט
אז אָט, אָט וועט מען דערצעהלען וועגען איהם זאכען וועלכע ער
וואָלט ווילען האלטען פאר זיך פריוואט.

אום ניט צו שטערען זיין אונאפהענגיגקייט דארפען מיר שאַ־
נעווען זיינע געפיהלען און היטען זיינע סודות. זאָל דאָס קינד
זיין, אונאפהענגיג פון צווייטען, באַשטימען וועלכע פון זיינע
פריוואטע אנגעלעגענהייטען עס וויל ארויסגעבען און וועלכע עס
וויל האלטען בסוד.

ווילט איהר מאכען דעם קינד א פּאַרוואורף, טוט דאָס ווען
קיינער הערט ניט. אפשר וויל דאָס קינד ניט, אנדערע זאָלען ווי־
סען, אז עס האָט זיך פארדיענט אייער פּאַרוואורף. ווי וואָלט
געפיהלט א הילפלאָזע פרוי ווען איהר מאן מאכט איהר פּאַרווירפע
אין געזעלשאפט? זי וואָלט געפיהלט, אז זי הענגט אזוי פיעל אָפּ
פון איהר מאן, אז ער האָט אפילו א רעכט צו פארשעמען זי צווי־
שען מענשען. פונקט אזוי און אפשר נאָך ערגער פיהלט זיך דאָס
קינד. עס איז צו הילפלאָז צו באפרייען זיך פון די עלטערען און
עס מוז ליידען יעדע באליידיגונג, מיט וועלכער זיי זיינען איהם
מכבד. אין הארצען ווערט עס אָבער פארביטערט און עס טוט
אלעס צו באהאלטען זיך פון זיינע הערשער.

אין א באקאנטער, אינטעליגענטער פאמיליע איז געווען, וואָס
מען רופט, א שלעכטער אינגעל. די מאמע פלעגט אָפען דערצעהלען
יעדען איינעם, אז דאָ האָט ער גע'גנב'עט א פּאָאַר סענט, דאָרט
האָט ער אָפּגענארט א. אז. וו. דאָס האָט זי איהם געוואָלט פאר־
שעמען פאר לייטען. דער אינגעל האָט קיין מאָל ניט דערצעהלט,
וואָס ער האָט געפיהלט. מיט דער צייט איז ער וואַהרשיינליך גע־
וואָרען גאנץ גלייכגילטיג צו די מייננונגען פון דער „אינטעליגענ־
טער געזעלשאפט“. וואָס ווייטער איז ער אָבער ערגער געוואָרען,
און ווער ווייסט? אפשר איז דאָס טאקע געווען צוליעב דעם, וואָס
יעדער האָט געקענט אזוי אָפען קריכען צו איהם אין דער נשמה.
קען זיין, אז ווען די מוטער וואָלט נור גערעדט צום קינד פריוואט
צווישען פיער אויגען, זי וואָלט איהם געוויזען אז זי היט זיינע
סודות, וואָלט זיך דאָס קינד געפיהלט שטארקער און זעלבסט־
שטענדיגער און עס וואָלט איהם געווען גרינגער בייצוקומען זיין
שלעכטע מדה. דערצו וואָלט איהם אויך געהאָלפען זיין רעספּעקט
פאר דער געזעלשאפטליכער מיינונג.

אין דעם דערמאָנטען פאל האָט שוין אָבער דאָס קינד סיי ווי

פארלוירען זיין האפנונג אויף דער געזעלשאפטליכער מיינונג. זיי האבען איהם שוין געזעהן אויף דעם שאנד קלאץ. קעגען דער מו־טער איז ער געוועזן פארביטערט, ווייל זי האט איהם געצויגען צום שאנד־קלאץ. זיין פארביטערטקייט האט אין איהם אפגעשוואכט דעם ווילען זיך בייצוקומען און ער איז געפאלען טיעפער און טיע־פער אין אפגרונט אריין.

זאל דאס קינד בלייבען דער הערשער פון זיינע סודות אנ־שטאט צו ווערען זייער שקלאף.

## וואָס איז שפּיעל?

שפּיעל איז אַ טעטיגקייט מיט וועלכער מען פאַרנעמט זיך צו־ליעב דער טעטיגקייט זעלבסט און ניט אום צו ערדייכען וועלכען עס איז באַשטימטען צוועק. ווען איינער נעמט אַ שטיקעל האָלץ און שניצט דאָס מיט דעם באוואוסטזיניגען צוועק צו מאַכען אַ ריימעל פאַר אַ בילד איז דאָס שניצען אַן ארבייט. ווען אָבער אַ קינד נעמט אַ שטיקעל האָלץ און שניצט דאָס הויפּטזעכליך, ווייל איהם געפעלט דאָס שניצען, איז דאָס שפּיעל, אויב זאָגאר אין פּראָצעס פון שניצען וועט זיך דעם קינד איינגעבען אויסצו־פאָרמירען אַ ריימעל. דער הויפּטצוועק איז דאָ ניט דאָס ריימעל נור דאָס שניצען — טעטיגקייט צוליעב דער טעטיגקייט זעלבסט.

די פאַרשיידענע צוועקלאָזע טעטיגקייטען וואָס רופען זיך שפּיעל העלפען אונגעהייער פיעל דער ענטוויקלונג פון מענשען אַזוי גוט ווי דער ענטוויקלונג פון די פאַרשיידענע חיות. דאָס קע־צעל וואָס שפּרינגט און לויפט שפּיעלענדיג מיט אַ קנויל באַנוועל אָדער מיט אַ פּילקע צוליעב דעם שפּרינגען און לויפען, און ניט ווייל עס וויל באַזיצען דעם קנויל אָדער די פּילקע, ענטוויקעלט אַזוי איהרע באַוועגונגען, אַז איהר איז פיעל גרינגער צו כאַפּען מייז, ווי עס וואָלט געווען ווען זי זיצט אונבאַוועגליך און שפּיעלט ניט. דאָס קינד שפּיעלט מיט זאַמד און שטיינדלאַך צוליעב דעם שפּיעלען, דערוויילע ענטוויקלען זיך זיינע מוסקולען. עס באַקומט אַ באַגריף וועגען די פאַרשיידענע אייגענשאַפטען פון זאַמד און שטיינדלאַך, און אין פּראָצעס פון שפּיעל מאַכט עס אַלערליי ענט־דעקונגען, וואָס מען קען מיט די מאַטעריאַלען אויפטאָן. שפּיעל פיהרט דאָס קינד אונבאַוואוסטזיניג אויף אַ העכערער שטופע פון פיזישער און גייסטיגער ענטוויקלונג.

## די ענטוויקלונג פון שפּיעל ביי'ם קליינעם קינד.

אזוי ווי שפּיעל קומט פון דעם אינערליכען באגעהר נאך גע־ וויסע טעטיגקייטען אָדער ערפאַרונגען איז דאָס שוין במילא צו־ געפּאסט צום קינד'ס כוחות. אזוי, צום ביישפּיעל, וועט א קינד פון ניין מאָנאטען ניט פּרובירען קלעטערען אויף א בוים. זיין אינערליכער פּאַרלאַנג וועט ניט געהן ווייטער, ווי מאַכען די באַ־ וועגונגען, וואָס זיינען נויטיג צום קריכען אויף דעם דיל.

ביי דעם גאָר קליינעם קינד דריקט זיך דאָס שפּיעלען אויס אין פאַרשיידענע קערפּערליכע באַוועגונגען. צוערשט וואַרפט עס מיט די הענט און פיס, דאַן הויבט עס אָן באַוועגען דעם גאַנצען קערפּער. אויף אַזאַ אופן לערענט עס זיך אויס צו באַלאַנסירען זיין קערפּער, צו זיצען, שטעהן, געהן, לויפען. און הגם דער צוועק, וועלכען דאָס קינד ערררייכט דורך זיינע באַוועגונגען איז זעהר א וויכטיגער, עס פאַרפּאָלקאָמט זיך קערפּערליך, פון דעסט־ וועגען קענען די אַלע באַוועגונגען וואָס פיהרען צום צוועק מיט רעכט באַטראַכט ווערען אלס שפּיעל, ווייל דאָס קינד שטעלט זיך קיין צוועק ניט און מאַכט די באַוועגונגען נור צוליעב די פאַרגעניגען וואָס עס קריגט פון די באַוועגונגען גופא.

דאָס קליינע קינד האָט אויך זעהר ליעב אַזעלכע שפּיעלען וואָס ווירקען אויף זיינע חושים. הויכע קלאַנגען, העלע קאָלי־ רען, זאַכען וואָס מען קען טאַפּען מיט די הענט אָדער מיט די לי־ פּען. עס קריגט אויך פאַרגעניגען פון שפּיעלען מיט זיין אייגענעם קערפּער. קוקען אויף די הענט, לעקען די פיס, הערען זיין אייגענע שטימע.

שפּעטער אַביסעל שפּיעלט א גרויסע ראָל אין קינד'ס שפּיעל דאָס פאַרניכטען פון זאַכען. עס רייסט, וואַרפט, ברעכט כמעט אַלעס וואָס קומט איהם אין האַנט אריין. אין א גרויסער מאָס נעמט דאָס זיך פון דעם קינד'ס נייגעריגקייט אַלעס צו ערפאָר־ שען, עס וויל אויסגעפינען, וואָס עס טוט זיך אינעווייניג. אויך קומט דאָס דערפון, וואָס דאָס קינד האָט האָלט צו פּרובירען זיינע כוחות. א קליינינקייט אז א מענש איז בכוח א וואַרף טאָן א טע־

לער אין דער ערד און דאָס צוברעכען אויף קליינע שטיקלאַך. מען פיהלט זיך דערביי ממש אַלס גבור.

דער דראַמאַטישער געפיהל הויבט זיך אויך אָן אַרויסצווייזען אין קינד'ס שפּיעל בשעת עס איז נאָך גאַנץ יונג. עס האָט ליעב צו שפּיעלען פאַרשיידענע ראָלען. אַ קינד וואָס קען נאָך קוים רייד־דען וועט אָנטאָן דעם פּאַפּאַ'ס הוט און געהן צו דער אַרבּייט, אָדער נעמען דער שוועסטער'ס ביכלאַך און געהן אין שול.

דאָס קליינע קינד שפּיעלט הויפּטזעכליך אַליין און נויטיגט זיך ניט אין קיין חברים צו טיילען אָדער מיטהעלפען זיין טעטיגקייט. עס האָט אימער ליעב צו האָבען נעבען זיך ערוואַק־סענע, וואָס זאָלען קוקען און וואָס איז נאָך בעסער, באַוואונדער־רען זיינע גרויסע אויפטועכצען. עס דאַרף אָבער ניט קיין שותפים. אַנשטאַט צו טיילען זיך מיט די ראָלען אָדער מיט דער אַרבּייט וויל דאָס מענשעלע אימער טאָן דוקא דאָס זעלבע, וואָס דאָס אַנדערע קינד טוט. האַלט אַן אַנדער קינד אַ שפּיעלצייג איז דאָס גראַד פּונקט די זאַך, נאָך וועלכער עס לוינט זיך צו שטרעבען, זאָל מען דערביי אפילו דאַרפען אָנווענדען פיזישע קראַפט. מען שלאָגט זיך ביז בלוט, אויב קיינער שטעלט ניט אָפּ, נור צו קריגען דעם צווייטענ'ס אוצר.

## דער איבערגאַנג פון שפּיעל אין אַרבּייט.

ווען דאָס קינד ווערט אַלט אַ יאָהר צוויי, און אָפטמאָל נאָך פריהער, באַקומט עס דעם פאַרלאַנג צו בויען. עס מאַכט פאַר־שיידענע געביידעס פון ברייטלאַך מיט שטיינדלאַך. אַביסעל בלאָ־טע ווערט פאַרוואַנדעלט אין אַ קוכען. פון אַ שטיקעל טעג, וואָס די מאַמע וואַרפט צו אין קיך קנייט מען אויס וואונדערבאַרע חלות, מען וועלגערט בלעטלעך לאָקשען.

דאָס איז אייגענטליך די צייט ווען דעם קינד'ס שפּיעל פאַנגט אָן צו קריגען אַ צוועק, דאָס מענשעלע הויבט אָן צו ביסלעך אַר־בייטען. אמת, דאָס הויז וואָס מען בויעט איז ניט געפּלאַנעוועט אַלס שטאַרקע געביידע וואָס דאַרף יאָהרען לאַנג שטעהן אויף איין אָרט. עס איז רעכט אויסצובויען און גלייך אומצוואַרפען, אָבער

דאָך האָט די ארבייט פון בויען אַ צוועק, און אויב נור דעם קינד ניט זיך איין צו דערפיהרען זיין ארבייט ביז צום סוף, באַקומט זיך דער רעזולטאַט, דאָס הויז.

ווען דאָס קינד קייקעלט אַ פּילקע אָדער עס וואַרפט די פּילקע אין דער לופטען איז עס אויסשליסליך שפּיעל. ווען אָבער עס לעגט צונויף שמאַטקעס אין אַ קעסטעלע אום צו האָבען אַ ווייך בעט פאַר דעם פּופּע, איז עס שוין ארבייט.

ווען עס פּאָרעט זיך מיט זאַמד און שטיינדלאַך גלאַט אַזוי אין דער וועלט אריין, שפּיעלט עס נור. ווי אָבער עס הויבט אָן צו באַנוצען דיזע מאַטעריאַלען אום צו „פּראָדוצירען" הייזער אָדער אַנדערע געגענשטאַנדען איז עס ארבייט.

די צוועקלאָזע שפּיעל פאַרשווינדט קיין מאָל ניט אין גאַנצען. קינדער און אויך ערוואַקסענע האָבען אימער ליעב שפּיעל צוליעב שפּיעל, אַזוי ווי דאָס שפּיעלען באַל, שפּיעלען קאַרטען אָהן געלט, שפּיעלען שאַך און נאָך און נאָך פאַרשיידענע טעטיגקייטען וואָס פיהרען ניט צו קיין באַשטימטען צוועק, נור זיי זיינען אינטערע־סאַנט אָן און פאַר זיך. אָבער ווען דאָס קינד נעמט שוין אין דער האַנט אַ שטיקעל רויען מאַטעריאַל מיט דעם באַוואוסטזיניגען צוועק מיט דעם עפּעס אויפצוטאָן, הויבט די ארבייט אָן צו שפּיע־לען אַ גרויסע ראָל אין זיין ענטוויקלונג.

וואָס דאָס קינד ווע־ט עלטער אַלץ מעהר פאַרגעניגען באַקומט עס פון שאַפען, פון פּראָדוצירען. שפּעטער אַביסעל הויבט עס אָן צייכענען אַלערליי פיגורען אויף פּאַפּיער, אויף דעם אַספאַלט אין גאַס אָדער וואו עס מאַכט זיך.

„יעדער אָנפאַנג איז שווער", זאָגט אַ גלייכווערטעל. דעם קינד'ס ערשטע געביידעס אַזוי גוט ווי זיינע ערשטע צייכנונגען לאָ־זען זיך גאַנץ שווער דערקענען פאַר דאָס וואָס זיי באַצוועקען פאָר־צושטעלען. צוויי, דריי שטיינדלאַך צונויפגעלעגט איינס אויפ'ן צווייטען ווערען באַצייכענט אַלס הויז און אַ פּאָאַר צודרייטע לי־ניעס אויף אַ שטיקעל פּאַפּיער שטעלען מיט זיך פאָר אַ פערד. דאָס קינד ווערט אָבער ניט ענטוישט און, הגם באַמערקט עס טאַקע אָפּט ניט די פעהלערען. די פּאָר שטיינדלעך זיינען אַ קוואַל פון באַגייסטערונג. ניט נור איז דאָס הויז ארכיטעקטאָריש צו־

בריעדענשטעלענר, דאָס גיט אויך שפּייז פאר בויען גאנצע לעבענס פּלענער. אין הויז וועלען זיך באַזעצען די גאַנצע משפּחה, דער פּאַפּאַ, די מאַמאַ, און דער בויער אַליין. דאָרט וועט מען אָנפּיהרען פּונקט די זעלבע טעטיגקייטען, ווי אין גרויסען, ריכטיגען הויז, און „עס וועט זיך טאָן אויף טיש און אויף ביינק". די פּאָאר שטריכען אויפ׳ן פּאַפּיער וואָס שטעלען פאָר א פערד, וועלען דעם העלד אַוועקטראָגען אין ווייטע וועלדער און ברייטע פעלדער.

אין אַלגעמיין בויעט דאָס קינד פון צוויי ביז זיבען־אכט יאָהר, גאַנצע וועלטען. זיין שפּיעל באַשטעהט אין זעהר א גרויסער מאָס פון ארייגבלאָזען א רוח חי — א לעבעדיגען גייסט אין טויטע געגענשטאַנדען. א שטיקעל שמאטקע ווערט א הינטעל, א שטעקעל קריגט די נשמה פון א פערדעל און דאָס קליינע מענשעלע בעל־הבית׳עוועט אין זיין אייגען־געמאַכטע וועלטעל, ווי איהם געלוסט זיך. אָט בייזערט מען זיך אויפ׳ן שטעקען און מען שמייסט איהם, ער זאָל לויפען געשווינד, אַזוי ווי דעם שכן׳ס גרויס פערד, און אָט לעגט מען א נאָז טיכעל שלאָפען און מען פאַרוויגט די „בייבי" מיט דער גאַנצער צערטליכקייט אויף וועלכער א מוטער איז פעהיג. דער דראַמאַטישער געפיהל איז אַזוי שטאַרק אין די יאָהרען, אַז דאָס קינד לעבט כמעט מעהר אין א וועלט וואָס עקזיסטירט נור אין זיין פאַנטאַזיע, ווי אין דער זינדיגער וועלט, וועלכע איז גרייט ארייגצוואַרפען דעם יונגען קרבן אין טיעפען אָפּגרונט פון ווירקליכקייט.

אין די יאָהרען ווערט דעם קינד׳ס שפּיעל אויך מעהר און מעהר געזעלשאַפטליך. הגם די מעהרסטע טעטיגקייטען זיינען נאָך אַזעלכע, וואָס עס פיהרט דורך אָהן שותפים, הויבט עס זיך שוין אָבער אָן צונויפריידען מיט חברים, און אינאיינעם אָרגאַניזירט מען אויך אַלערליי דראַמאַטישע שפּיעלען מיט ראָלען פאַרטיילט צווישען אלע שפּיעלער.

מיר וועלען זיך דאָ ניט אָפּגעבען מיט דער פראַגע פון שפּיעל נאָך זיבען־אַכט יאָהר און זעהן וואָס מיר, די ערוואַקסענע קענען פון אונזער זייט ביטראָגען אַז דעם קינד׳ס שפּיעל און ארבייט ביז אין די שול־יאָהרען זאָלען איהם פיהרען אויף א העכערער

שטופע פון ענטוויקלונג און איהם לייכטער מאכען זיין ארבייט
ווען עס קומט אָן דער ערנסטער פעריאָד פון לערנען.

## פיזישע שפיעל

דאָס קינד הויבט אָן צו שפיעלען ווען עס איז אַ פּאָר וואָכען
אַלט. זיין הויפּט מאַטעריאַל איז דאַן זיין אייגענער קערפּער.
כמעט זיין גאַנצע שפּיעל דריקט זיך דערוויייל אויס אין פיזישע
באַוועגונגען. אַלעס וואָס מיר קענען איהם דאַן העלפען איז איהם
געבען די מעגליכקייט צו מאַכען די פיזישע באַוועגונגען אויף וועל־
כע עס איז פעהיג. קיין סך פאַרלאַנגט עס נאָך ניט, ניט אין הינ־
זיכט פון צייט און ניט אין הינזיכט פון פּלאַץ.

מעהרסטענס געהט דאַן די צייט אַוועק אין שלאָף און פון די
איינינע וואכענדיגע שטונדען געהט אויך אַ היבש ביסעל אַוועק
אויף עסען און באָדען זיך. עס בלייבט אַלזאָ ניט מעהר ווי אַ
שעה, צוויי אויף צו פאַרברייגגען אין פאַרגעניגען, דאָס הייסט,
אויף צו שפּיעלען מיט זיך אַליין. וואָס אנבאַלאַנגט פּלאַץ איז
וויפיעל קען מען, מישטיינס געזאָגט, פאַרנעמען אַז דער קערפּער
ריהרט זיך ניט פון אָרט? דאָס אייגענע בעטעל איז דאַן אַ גענוג
גרויסער פעלד פאַר טעטיגקייט. אַז די מאַמע צואוויקעלט נור דאָס
קערפּערעל און לאָזט פריי די הענט מיט די פיס, קען מען זיך
אָפּליגען אַ האַלבע שעה אָדער אַ שעה אין בעטעל, קוקענדיג אויף
די הענט, וואַרפענדיג מיט די פיס און פיהלען די העכסטע באַ־
פרידיגונג.

דאָס קליינע בעטעל איז גענוג פאַר דעם קינד'ס פיזישע שפּיעל
ביז עס ווערט אַ מאָנאַטען דריי־פיער און עס קען זיך שוין אַ דרעה
טאָן, זיך לעגען אויפ'ן בויך און פאַררייסען די פיס מיט די הענט,
און וואָס וויטער מאַכען אַליין מעהר און מעהר קונצען. דאַן דאַרף
מען פאַרבייטען דאָס קליינע בעטעל מיט אַ גרויס בעט, וואו מען
קען זיך ערלויבען מעהר פּלאַץ. געוועהנליך וואָס וועניגער דאָס
קינד שלאָפט אַליין מעהר צייט מעג מען איהם געבען אויף צו שפּיע־
לען. ווען דאָס קינד הויבט זיך שוין אָן איבערצוקאַטשען פון די
פּלייצעס אויפ'ן בויך און צוריק, זיך אויפזעצן, זיך אַ רוק טאָן,

ווערט דאָס גרויסע בעט אויף ניט גאַנץ זיכער, ווייל עס איז דאָ
אַ געפאַהר אַרונטערצופאַלען. דאַן איז גוט אויסצושפּרייטען אַ
קאָלדרע אויפ׳ן דיל און אַרונטערלאָזען דאָס קליינע נפש׳ל, זאָל
עס שעפּען פאַרגניגען אָהן געפאַהר.

ווען עס ווערט נאָך עלטער און עס הויבט אָן אַרומצוקריכען
אָדער עס שטעלט זיך שוין אליין אויף די פיס, ווערט איהם זעהר
צונוץ קומען אַ קריך־שטייגעל, דאָס באַשטעהט פון פיער ווענט־
לעך מיט שטאַכעטלאך, וועלכע זיינען צוגעפעסטיגט איינס צום



נומער 1. אַ קריך־שטייגעל.

צווייטען מיט זאַוועסקעס און קייטעלעך. ווען מען נוצט דאָס
ניט קען מען עס לייכט צונויפלעגען אַזוי, אַז דאָס פאַרנעמט גאָר
ווייניג אָרט. דאָס קען מען באַקומען צו קויפען, אָדער ווען עס
געפינט זיך אַ מאַן אַ בריה אין הויז קען ער דאָס אליין מאַכען.
אין אַזאַ פאַל איז ניט נויטיג צו מאַכען די שטאַכעטלאך. מען
מאַכט נור אַ הילצערנע ראַהם, און אַנשטאַט די שטאַכעטען ציהט
מען אָן אויף דעם ראַהם אַרומגעט אַ שיטער שטיקעל שטאָף.

דאָס שטײנגעל פאַרהיט דאָס קינד פון דעם געפאַהר צו באַגעגענען אויף זיין וועג געגענשטאַנדען, וועלכע וועלען איהם ענטוישען אין זיין לעבענס גאַנג, ווי, למשל, אַ שטול אָן וועלכען מען קען צו־קלאַפּען אַ קאָפּ, אַ הייסען אויוען, וואָס וועט צוברענגען דאָס לייב צו רחמנות. מאַלע וואָס פאַר אַ סכנות הנפש עס געפינען זיך אויף דער וועלט פאַר אַן אונערפאַרענעם יונגען מענשען.

ווען דאָס קינד קען שוין זיצען אליין, ניט אונטערגעשפּאַר־טערהייד, איז אַם פּלאַץ איהם צו פּרעזענטירען מיט אַ הוידאַלקע, ווי אויף דער צייכנונג נומער 2. געוועהנליך דאַרף מען ניט



נומער 2. אַ הוידאַלקע פאַר דעם פּיצעלע קינד, וואָס הויבט נאָר אָן צו זיצען אַליין. מען הענגט זי אויף אויף אַ טיר־ראַהם.

דערלאָזען דאָס נפש'ל זאָל זיך דערווייל צופּיעל אריינלאָזען אין ספּאָרט, אָבער אַביסעל אַ הוידע טאָן זיך שאַדט ניט אפילו אַ קינד פון זיבען־אכט מאָנאַטען און עס פאַרשאַפט גרויס פאַרגניגען. נאָך אַ פיינער מין ספּאָרט איז פאַר דעם יונגען מענשעלע צו שאָקלען זיך אויף אַ שאָקעל שטול ווי אויף צייכנונג נומער 3. יעדעס מאָל

וואס דאס קינד וויל צושאקלען דעם שטול דארף עס איהם געבן,
א שפאר אפ מיט די פיסלעך אין שאר א [illegible], וואגען מיר
פון א יאהר, אנדערטהאלבען, איז דאס א גאנץ גוטע פיזישע איבונג.



נומער 3. א שאקעל־שטול פאר א קליין קינד.

איינער פון די בעסטע געגענשטאנדען פאר דעם קינד'ס איבונגען איז א גומענער באל. ווי מען הויבט מיט דעם אן שפיעלען, קאטשעט עס זיך אוועק און אויף אזא אופן פארשאפט עס אימער אביסעל פיזישע אנשטרענגונג. צו עס קומט אויס א שנעלען קריך צו טאן אדער א לויף טאן עס כאפען, יעדענפאלס איבט מען די יונגע, שוואכע גליעדער.

ס'איז פאראן א סארט פיזישע שפיעלען וועלכע דאס קליינע קינד האט שטארק ליעב, ס'איז אבער גלייכער, אז עס ווייסט פון זיי וואס ווייניגער. דאס זיינען שפיעלען אין וועלכע דאס קינד מאכט ניט זיינע באוועגונגען פאלקאם פריי מיט זיין אייגענעם קערפער, נור עס קריגט דערביי די הילף פון ערוואקסענע. מען טאנצט מיט איהם, מען ווארפט איהם אין דער לופטען, מען קיצעלט איהם און אז. וו. דאס קינד אמוזירט זיך, אבער עס באקומט פון דעם מעהר שאדען ווי נוצען. ערשטענס רעגען אזוינע שפיעלען צופיעל אויף זיינע נערוועז, וועלכע נויטיגען זיך דאס ערשטע יאהר אין וואס מעהר און מעהר רוה, צווייטענס ענטוויקעלט דאס ביי דעם קינד די שלעכטע געוואוינהייט פון ניט אראפגעהן פון די הענט. באזאנדערס שעדליך איז אזא סארט שפיעל פאר־

נאכט־צו, איידער דאָס קינד געהט שלאָפען, אָפט מאָל איז דער רע־
זולטאט אַ אונרוהיגע נאכט.

ביינאַ הויבען האָלט אָנצונעמען דאָס קינד ביי די הענטלעך
און איהם לערנען געהן. דאָס איז נאָך אַן איבערבלייבעניש פון
די צייטען, ווען מען האָט געמיינט, אַז מען מוז וויקלען די קינדער,
זייערע ביינער זאָלען זיין גלייך און זיי געבען גאנג וועגעלאך, זיי
זאָלען זיך לערנען געהן. היינט ווייסט מען שוין, אַז דאָס איז ניט
נויטיג, אָבער דאָך פיהרט מען דאָס קינד ביי די הענטלאך אלס אַ
מין שפּיעל. דאָס איז פאַר דעם קינד זעהר ניט קיין ווינשענס־
ווערטער פארגניגען. ווען דעם קינד'ס פיסלאך ווערען שטארק גע־
נוג צו טראָגען זיין קערפּערל, שטעלט עס זיך אליין און עס הויבט
אליין אָן געהן. ווען מיר נעמען זיך אָבער איהם ארויסהעלפען
זיינען די פיסלאָך נאָך ניט גענוג שטארק פאר דער וואָג פון זיין
קערפּער און די אנשטרענגונג טוט איהם קיין גוטס ניט.

ווען מען פאַכט נור צו דעם קליינעם קינד'ס אומגעבונג אַזוי,
אַז עס זאָל זיך קענען פריי באַוועגען און שפּיעלען און מען לאָזט
עס דאָן רוהה, מאַכט מען זיין ערשטען אריינטריט אין לעבען
פיעל רייכער און ערפאַהרונגען, און דערביי פארלייכטערט מען
אויך דער מוטער איהר ארבייט, ווייל זי דארף זיך ניט אימער
האַלטען מיט דעם קינד אויף די הענט און איהם אמוזירען.

נאַטירליך, וואָס עלטער דאָס קינד ווערט אלץ קאָמפּליציר־
טער ווערען זיינע פיזישע באַוועגונגען און אלץ אַ גרעסערען פעלד
דארף עס פאַר זיינע פיזישע איבונגען אָדער שפּיעל. עס וויל זיך
הוידען, לויפען, קלעטערען, אויפהויבען שווערע געגענ־
שטאַנדען, שפּרינגען, טאַנצען, שווימען, גליטשען. און נאָך און
נאָך אַזוינע „ווילדע מעשים". ניט נור נויטיגט זיך דאָס קינד
אין פיזישער באַוועגונג, נור עס קען גאָר שטיל ניט זיצען. פּונקט
ווי דאָס יונגע קעצעל אָדער הינטעל שפּרינגט, לויפט און קלעטערט
אַזוי איז אויך דאָס יונגע מענשעל. עס איז כמעט אימער באַ־
וועגליך.

דאָס גאָר פיצעלע קינד שטערט ניט פיעל די ערוואַקסענע מיט
זיין פיזישער שפּיעל, ווייל זיינע באַוועגונגען זיינען נאָך לאַנג־
זאַמע, זיין שטימעלע קליין און זיס. דערצו איז נאָך דאָס נפש'ל

אַ גאַסט אויף דער וועלט און מען פרייט זיך מיט יעדער נייער באַוועגונג, „מען קוועלט אָן פון נחת". ווערט אָבער דאָס קינד אַלט אַ יאָהר צוויי־דריי, ווערט זיין פיזישע קראַפט שטאַרקער, זיין שטימע העכער און זיינע באַוועגונגען געשווינדער. מיט מיידלעך איז נאָך ווי עס איז, אָבער מיט אינגלעך איז שוין דאָן גאַנץ שווער אויסצוקומען, און מוטערס באַקלאָגען זיך טאַקע. — „ער שפּרינגט, ער קלאַפּט, ער שרייט, ער רייסט זיינע קליידער קלעטערענדיג אויף פּלויטען, אויף שטיינער". דאָס קינד הויבט אָן צו הערען פון אַלע זייטען, — געה ניט, קריך ניט, לויף ניט, שפּרינג נים. עס איז א סדרה פון  נ י ט ,  כסדר  נ י ט .  אין דער אמת זייּ־נען אָבער אָט די אַלע „ווילדע מעשים" ניט מעהר ווי א פאָרטזעצונג פון דעם קינד'ס פיזישען שפּיעלען און זיי זיינען פּונקט אַזוי נויטיג פאַר זיין ווייטערדיגער ענטוויקלונג, ווי עס איז פאַר איהם נויטיג געווען צו שטעלען זיך אויף די פיס און זיך אויסצולערנען געהן. פּונקט ווי פאַר דעם פּיצעלע, אַזוי איז אויך פאַר דעם עלטערען קינד, אבסאָלוט נויטיג צו האָבען די ריכטיגע אומגעבונג פאַר דער פרייער שפּיעל פון זיין קערפּער. מעהר נים, אמאָל איז געווען גענוג אַ בעטעל, דאַן אַ בעט, אַ דיל, א שטייגעל און יעצט דאַרף עס אַ פיעל גרעסערען פּלאַץ מיט מעהר פאַרשיידענע נע־גענשטאַנדען, וואָס זיינען צוגעפּאַסט פאַר פיזישע איבונגען.

דאָס קינד וואָס לעבט אין דאָרף אָדער אין אַ קליינער שטאָדט געפינט נאָך ווי עס איז אַן אומגעבונג וואָס מאַכט מעגליך זיין פיזישע שפּיעל. אַ פּלויט, אַ באַלקאַן איבער וועלכע מען קען קריכען און שפּרינגען; אַ בוים צו דראַפּען זיך אויף איהם; אַ קעלער־טיר אָדער א פאַרענטשע פון וועלכע מען קען זיך אַראָפּ־גליטשען; האָלץ צום האקען; שטריק מיט ברעטער צו מאַכען הוידאַלקעס. הוינט וועך רעדט אַז מען איז געבענשט מיט אַ פערדעל צום פאָהרען רייטענדיג איז דאָך געווים א לעבען. מיט איין וואָרט, דער יונגער דאָרפס־מענש אָדער דער פּראָווינציאַל גע־פינט אין דער הינזיכט גענוג פאַרטיגען מאַטעריאַל און נויטינט זיך ניט שטאַרק אין די אַלע מאָדערנע אַפּאַראַטען פאַר גימנאַסטישע איבונגען.

דאָס שטאָדט־קינד אָבער האָט זעלטען א היים אין וועלכער

עס קען זיך פארגינען פרייע קערפערליכע באוועגונגען, און דער־פאר נויטיגט עס זיך זעהר אין א ספעציעלען שפיעל־פלאץ מיט הוידאלקעס, גליטש־ברעטער, שטריק לייטערס און אנדערע גימ־נאסטישע אפאראטען. האט דאס קינד ניט אלע לעבענס־באדער־פענישען, זוכט עס זיך, נאטירליך, צו באפרידיגען מיט דער גאס. ווארפט עס א באל און טרעפט אין א פענסטער, הענגט עס זיך אן אויף א וואגען און קריגט שמיץ פון דעם בעל עגלה, קריכט עס אויף אן אויטאמאביל און דער שאופער טרייבט עס.

טאטע־מאמע בייזערען זיך געוועהנליך און טוען אלעס מעג־ליכע אפצושטעלען דעם חברה־מאן אין זיין ווילדער שפיעל. אפט ניט דאס זיך זיי אין גאנצען ניט איין און אמאל האבען זיי ער־פאלג דורך דעם, וואס זיי שרעקען דאס קינד אן מיט פארשיידענע שטראף. דאס קינד קאנטראלירט זיך, ווייל עס האט מורא פאר א פאטש, אדער פאר וועלכע אנדערע שטראף. ווי אבער עס איז דא א מעגליכקייט צו פאר׳גנב׳ענען זיך פון די „הערשער“ איז מען זיך נוקם און מען גיסט אויס דאס ביטערע הארץ באנעהענדיג נאך ערגערע „פארברעכענס“ ווי פריהער. אויף אזא אופן עררייכען די עלטערען ניט פיעל; מען רויבט ביי׳ם קינד זיין נאטירלי־כען רעכט אויף פרייער שפיעל, און מען ערוועקט ביי איהם א גע־פיהל פון געגנערשאפט צו זיך אליין.

געוויס איז עס זעהר שווער צו לאזען דאס קינד פריי לויפען ווי פיעל זיין הארץ גלוסט, ווען עס איז ניטא די נויטיגע אומגע־בונג דערצו. ווידער ווייסט טאקע אפט דאס קינד ניט ווען זיך אפצושטעלען און עס קען אמאל שמעקען מיט געפאהר פאר זיין געזונד. עס איז, למשל, אבסאלוט נויטיג דאס קינד זאל האבען א באשטימטע צייט צו געהן שלאפען, צו געהן עסען און אפט מאל קומט אויס איהם אפצורייסען פון שפיעל צוליעב אזא צוועק. אדער א קינד וועט זיך ניט וועלען רעכענען מיט דעם וועטער, וועהרענד די מוטער ווייסט, אז דאן זיינען געוויסע שפיעלען פאר איהם שעדליך און זי וועט איהם מוזען אוועקנעמען. מען קען אויך ניט ערלויבען דעם קינד צו שפרינגען, לויפען, קלאפען, ווען מען וואוינט אויף א הייבערשטען שטאק און אונטען וואוינען אנדערע, וואס ווילען, און מיט רעכט, ניט ליידען, מען זאל שטערען זייער

רוה. נאָך און נאָך פּיעלע פעלע קומען פאָר, ווען דאָס קינד מוז ווערען געשטערט אין זיין שפּיעל און באזונדער אין זיין פיזישער שפּיעל. אָבער דאָס געפאהר איז אין שטערען צופּיעל.

ווי ווייט נור מען קען אויספיהרען דאַרף מען ערלויבען דעם קינד צו „צופיהרען זיך די הענט“, צו געבען זיין קערפּער פרייע באוועגונג. מען דאַרף לאָזען דאָס קינד וואָס מעהר אַרומלויפען אויף דער פרייער לופט; פארזאָרגען איהם מיט אזעלכע שפּיעלצייג ווי א באָל, א שפּרינג שטריק, א וועגעלע אָנצולאָדען עס מיט שטיינער און בלאָטע און ארומפיהרען, א זאסטופּ, א גראבליע צו באארביי־טען די ערד, א וועלאָסיפּעד אָדער אַן אנדער פּאָהר־אפּאראט, א ראָד צום קייקלען און אנדערע געגענשטאנדען וואָס וועלען איהם געבען די מעגליכקייטען פאר פּיזישע איבונגען.

דער באָל שפּיעלט א באזונדער וויכטיגע ראָל, ווייל דאָס ווארפען און לויפען איהם כאפּען גיט די מעגליכקייט צו איבען אַלע טיילען פון קערפּער.

די מוטער דאַרף זיך ניט שטארק נעמען צום הארצען וואָס דעם קינד׳ס מלבושים טראָגען זיך אָפּ. נאָך אַלעמען זיינען די קליידער געמאכט פאר דעם קינד און ניט דאָס קינד פאר די קליי־דער. דאָס בעסטע איז אָנצוטאָן דאָס קינד אין זיינע ערגסטע קליידער, ווען עס געהט שפּיעלען און איהם איינגאנצען ניט דערמא־נען, אז עס דאַרף זיך רעכענען מיט זייער גאנצקייט אָדער ריינ־קייט. דערפאר אָבער, ווען מען געהט מיט איהם צו באזוך אָדער אויף א שפּאציר, פארפּוצט מען איהם און מען דערמאנט איהם, אז יעצט טראָגט עס ניט קיין ארבייט קליידער, נור יום־טוב׳דיגע און עס איז כדאי זיי אָפּצוהיטען. די מעהרסטע קינדער האָבען ליעב צו זיין שעהן געקליידעט, אויב יעם פּאָדערט זיך דערצו נישט קיין צופּיעל אנשטרענגונג און פּיהלען זיך גאנץ שטאָלץ אויב זיי קענען באווייזען זיך ריין צו האלטען אין ספּעציעלע פעלע. אויב נור זיי הערען ניט אימער קיין געשפּרעכען וועגען זייערע טואלע־טען וועלען זיי די יום־טוב׳דיגע הלבשה האלטען מ ע ה ר אָ ד ע ר ו ו ע נ י ג ע ר אין אָרדנונג. מעהר ווי דאָס טאָר מען פון זיי ניט פאָדערען. עס איז א פארברעכען צו שטערען זייער פרייען וואוקס צוליעב די שמאטקעס. עס איז נאריש פאר אַן ער־

וואקסענעם צו פארשקלאפען זיך צו קליידער, בפרט פאר א קינד מוז מען געווים זוכען באקוועמליכקייט, און שעהנקייט פארזארגען נור דאן, ווען עס שטערט דעם קינד ניט אין קיין הינזיכט.

אויסער די קערפערליכע איבונגען אויף דער פרישער לופט איז אויך גוט פאר דעם קינד צו טאן הויז ארבייט. וואשען, קערען, שייערען, דאס זיינען אלץ אזוינע טעטיגקייטען וואס העלפען דעם קינד'ס פיזישער ענטוויקלונג. איידער דאס קינד ווערט געניט אין דעם מין ארבייטען, וועט עס אפט פארגיסען די וואסער, אמאל צוברעכען א שטיקעל געשיר אדער אריינפארען מיט'ן בעזים וואו מען דארף ניט. דאס פאסירט אבער נור אין אנהויב. שפעטער, לערענט זיך דאס קינד אויס, דורך ווידערהאלטע איבונגען צו טאן די ארבייט גוט און פינקטליך און פאראורזאכט מעהר קיין שא־דען ניט. מען טאר ניט צווינגען קיין קינד צו טאן צופיעל הויז ארבייט, ווייל עס האט נאך ניט קיין געדולד דערצו, אבער אויף וויפיעל איהם ווילט זיך טאן, איז עס זעהר גוט פאר איהם. און אגב איז עס אזא לוקסוס, וואס דער גרעסטער ארעמאן קען זיך פארגינען צו געבען זיין קינד.

## די ווירקונג פון שפיעל אויף דער גייסטיגער ענטוויקלונג פון קינד.

דעם קינד'ס חוש'ים, אינסטינקטען אזוי גוט ווי זיינע אנדערע גייסטיגע אייגענשאפטען קומען אלע צום אויסדרוק אין זיין שפיעל.

און פונקט ווי מיר קענען העלפען זיין פיזישער ענטוויקלונג ווען מיר שאפען פאר איהם די ריכטיגע אומגעבונג פאר פיזישער שפיעל, אזוי קענען מיר העלפען זיין גייסטיגער ענטוויקלונג, ווען מיר שאפען פאר איהם די ריכטיגע אומגעבונג פאר גייסטיגער שפיעל און ארבייט, מיר ג'נבען איהם די ריכטיגע **גייסטיגע שפייז.**

די הויפט פראגע וואס שטעלט זיך אין פארבינדונג מיט דיזעס פראבלעם, איז וועלכע געגענשטאנדען אדער וועלכע שפיעל־צייג צו געבען דעם קינד, אום זיי זאלען ווירקליך דיענען זיין גייס־טיגער ענטוויקלונג?

## די צאָהל און צוגעפּאסטקייט פון שפּיעלצייג.

די מעהרסטע עלטערען, קרובים און פריינד האָבען ליעב צו ברענגען מתנות פאַר די קינדער און געוועהנליך ברענגען זיי שפּיעל־צייג. זיי פאַרטראַכטען זיך אָבער זעלטען וועגען דער ניצליכקייט פון די זאַכען, וואָס זיי קויפען. וואָלטען זיי זיך יא פאַרטראַכט וואָלטען פון דעם שטאַרק געליטען די שפּיעלצייג־פאַבריקאַנטען, וואָרום ניט נאָר קויפט מען איין צופיעל סחורה נאָר דאָס רוב „טויג אויף כפרות“.

„וואָס צו איז איבריג“, זאָגט אַ אידיש גלייכווערטעל. דאָס איז אין קיין פאַל ניט מעהר אנווענדבאַר, ווי אין פאַל פון באַזאָר־גען קינדער מיט שפּיעלצייג. פונקט ווי צופיעל עסען פאַרדאַרבט דעם קינד'ס מאָגען אַזוי פאַרדאַרבען צופיעל שפּיעלצייג זיין גייסט, זיין אינטערעס. גלייכער אַז עס זאָל אַביסעלע הונגערען, שטרעבען צו דער זאַך און דאַן זי געהעריג אָפּשעצען, ווען זי קומט, ווי ווערען צופיעל איבערגעזעטיגט. אַ קינד וואָס באַקומט צופיעל שפּיעל־צייג איז ווי אַן ערוואַקסענער, וואָס לעבט אין צופיעל לוקסוס. אַזאַ מענש האָט ווייניג אינטערעס אין איינצעלנע זאַכען. ער לאַנג־ווייליגט זיך, טראָץ דאָס פיעלע וואָס ער האָט, ווייל ער האָט צו פ י ע ל. אַזוי אויך דאָס גייסטיג איבערזעטיגטע קינד. אימער וויל עס עפּעס נייעס און קיין זאַך האָט ביי איהם קיין ווערט ניט. אַ קוק געטאָן, אַ דרעה געטאָן און אוועקגעוואָרפען און דאַן ווידער פאַרלאַנגט אַ נייעס. אַזאַ קינד לאַנגווייליגט זיך פיעל און פאַר־אינטערעסירט זיך מיט גאָרניט. עס ווערט דאַריבער אויבער־פלעכליך, נערוועז, אַלעס דערעסט איהם און עס דערעסט די ער־וואַקסענע. מען הערט כסדר, — גיב מיר דאָס; קויף מיר יענעס; וואָס האָסט דו מיר געבראַכט?

געהט איהר אריין מיט אַזאַ קינד אין אַ קראָם, וועט איהר נאָכאַנאַנד הערען: „קויף מיר אָט דאָס פערדעלע, גיב מיר אָט דאָס קעצעלע“, א. אז. וו. דאָס קינד איז אונטער דעם איינדרוק, אַז עס דאַרף אַלץ האָבען, אַז אַלעס, וואָס עס זעהט באַלאַנגט צו איהם.

אַ קינד דאַרף האָבען ווייניג שפּיעלצייג און נור אַזעלכע

וואָס קענען עס פאַראינטערעסירען. דאַן פאַרברענגט עס מעהר צייט מיט די זאַכען, בינדט זיך מעהר צו צו זיי, שעצט זיי בעסער אָפּ און ווערט דעריבער טיעפער, גייסטיג רייכער און גייסטיג שטאַרקער. אזא קינד קוקט ניט יעדען אין די הענט צו זעהן, וואָס מען האָט געבראַכט, ווייל עס איז ניט געוואוינט מען זאָל איהם אי־מער ברייגנען. עס באַקומט אַ באַגריף אַז אין זיין פערזענליכען פאַרמעגען דאַרפען אַריין נור אַ באַשרענקטע צאָל געגענשטאַנדען און עס זוכט דעריבער ניט „איינצושלינגען די גאַנצע וועלט". עס קען זיך גאַניץ רוהיג ארומשפּאַצירען אין אַ קראָם און זעהן אַלערליי אַנטיקען און דאָך ניט פאַרלאַנגען, אַז דאָס זאָל אַריבערגעהן אין זיין באַזיץ.

ווען עס טרעפט ביי'ם קינד אַ געבורטסטאָג אָדער אַן אַנדער שמחה און עס ווערט מיט אמאָל באַגליקט מיט צופיעל רייכטום, איז ראַטזאַם אויסצוקלייבען אַ פּאָר זאַכען, וואָס קענען זיין אינ־טערעסאַנט פאַר איהם אין יענער צייט, און לאָזען איהם פריי שפּיעלען מיט זיי. די איבריגע פּרעזענטען דאַרף מען גלייך באַ־האַלטען, איידער זיי ווערען צו וואָכעדיג. ווען די צייט קומט און מען פאַרשטעהט, אַז דאָס קינד נויטיגט זיך אין אַ נייער זאַך, נעמט מען ארויס איינע פון די פאַרבאַהאַלטענע שפּיעלכער און מען דערלאַנגט דאָס איהם. מען טאָר בשום אופן ניט דערלאָזען, דאָס קינד זאָל פאַר'שכור'ט ווערען פון צופיעל פאַרמעגען אויף אַ מאָל.

פונקט אָבער ווי דאָס קינד טאָר ניט ווערען איבערזעטיגט, אַזוי טאָר עס אויך ניט ווערען פאַרהונגערט. יעדעס קינד מוז האָ־בען גייסטיגע שפּייז אַזוי גוט ווי פיזישע, עס מוז האָבען מיט וואָס צו שפּיעלען. מען דאַרף נור געדענקען אַז אַלעס איז גוט אין דער מאָס. צו וועניג עסען, ניט קיין נאַרהאַפטע שפּייז, פאַרצערט דעם קינד'ס קערפּער מאַכט אָרים זיין בלוט.

צו וועניג שפּיעלצייג, צו אַן אָרעמע אומגעבונג פאַרצערען זיין נשמה, מאַכען אָרעם זיין גייסט.

צו פיעל עסען, צו רייכע שפּייז פאַרדאַרבט דעם קינד'ס מאַ־גען, רואינירט זיין קערפּער.

צו פיעל שפיעלצייג, צו א רייכע אומגעבונג פארדארבען זיין כאראקטער, רואינירען זיין גייסט.

די שפיעלצייג, וואָס דאָס קינד באקומט דארפען זיין צוגע־פאַסט צו זיין עלטער און צו זיינע פעהיגקייטען, אום עס זאָל ווירק־ליך באקומען די נויטיגע נוצען פון דעם שפיעלען, אום די אונ־שולדיגע שפיעל זאָל פיהרען צו ענטוויקלונג און פארפאָלקאָמענ־הייט. פונקט ווי דאָס קינד פון גיין מאָנאטען דאַרף פאר זיין פעלד פון טעטיגקייט, וואָס דריקט זיך אויס אין קריכען, א דיל און ניט קיין בוים, אזוי דאַרף דאָס זעלבע מענשעלע פאר זיין גייסטיגען קלעטערען, זאָגען מיר, א רויט קניילעכעל פאָדעם וואָס וועט באפרידיגען זיינע חושים פון זעהן און פון אָנטאַפּען, און ניט קיין גרויס הילצערען פערד, וועלכעס עס קען נאָך ניט באהערשען און פאָלגליך ניט אָפּשאַצען.

## די ערשטע שפיעלצייג.

אומגעפעהר צו פיער מאָנאטען הויבט דאָס קינד אָן שטרע־קען זיינע הענטלאך און אָנכאַפּען זאכען, וועלכע עס קען גרייכען. און באלד וועט עס די זאכען טראָגען צום מויל, און פּרובירען זיי באטאַפּען מיט די ליפּען, דאן איז צייט א טראכט צו טאָן וועגען שפיעלצייג. מען דאַרף אויסקלייבען אזעלכע, וואָס האָבען א נוטע ווירקונג אויף דעם קינד'ס חושים, דאָס הייסט, אויף זיין גייס־טיגער ענטוויקלונג און וואָס זיינען פאר איהם ניט שעדליך.

אום צו זיין זיכער פון געפאהר דארפען די זאכען זיין ע ר ־ ש ט ע נ ס , אזעלכע וואָס ברעכען זיך ניט און קענען זיך לייכט וואשען. צ ו ו י י ט ע נ ס , מוזען זיי זיין ניט צו קליין אום דאָס קינד זאָל זיי ניט קענען איינשלינגען, און ניט צו גרויס, אום דאָס קליינע הענטעלע זאָל זיי קענען אָנכאַפּען. ד ר י ט ע נ ס , טאָרען ניט זיין קיין שארפע שפּיצען, אָדער וועלכע עס איז אנדערע איינגענשאַפטען, וואָס קענען אונטער געוויסע אומשטענדען ברענ־גען שאדען.

אן אָנגעשטאָפּטע חיה, וואָס זאמעלט שטויב, א בלעכענער גלעקעל, וואָס זשאווערט, אַן אָנגעשאָטענע פּופּע, וואָס וואשט זיך

ניט לייכט אָדער זאַכען וואָס האָבען גוין זיך פאַרב וועלכע קען אָפּקריכען זיינען פאַר יענער צייט כלל ניט פּאַסיג.

אין אלגעמיין זיינען דאָן ניט נויטיג קיין פּופּעס אָדער חיות, אפילו ווען זיי זיינען געמאַכט פון א ניט שעדליכען מאַטעריאַל. דאָס קינד וועט נאָך א לאַנגע צייט ניט קענען אונטערשיידען קיין פאָרמען. עס וועט אפילו ניט ענטדעקען אין דער פּופּע די ענהג־ליכקייט צו דעם מענשליכען געזיכט, וועלכעס עס זעהט אזוי אָפט. און א ציגעלע אָדער א קעלבעלע וועט זיכער פאַר איהם בלייבען אַן אונפאַרשטענדליכע באַשעפעניש, א סוד, פאַר א לענגערע צייט.

ווען דאָס קינד קען זיך נאָך ניט אויפזעצען איז עס ראַטזאַם אָנצובינדען די שפּיעלצייג אויף דעם בעטעל, זיי זאָלען אזוי אַרונ־טערהענגען, אז עס זאָל זיי קענען אָנכאַפּען מיט די הענטלאַך און זיך שפּיעלען מיט זיי. פאַר דיזען צוועק זיינען פאַראַן קליינע



1 2

נומער 4. 1.—צעלולאָידענע פּילקעס פון פאַרשיידענע קאָלירען.
2.—אַן עלפאַנד ביינערען קלאַפּערעל מיט צוויי קאָ־
לירען.

פּילקעס, געמאַכט פון צעלולאָיד אָדער ביין, ווי אויף צייכנונג
נומ. 4. ס'איז גוט אַז די פּילקעס זאָלען האָבען אינוועניג שראָט־
לעך, אַזוי אַז זיי זאָלען אויך דינען אַלס קלאַפּערלאַך. די קאָלירען
מעגען זיין פאַרשיידענאַרטיג, אָבער דער הויפּט קאָליר פון אַזאַ
קינד'ס שפּיעלצייג דאַרף זיין רויט, ווייל דער קאָליר ציהט אַם
מעהרסטען זיין אויפמערקזאַמקייט. אַ גוטע זאַך איז אויך אָנ־
צובינדען פאַרשיידענע גלעקלאַך אום דאָס קינד זאָל הערען די
קלאַנגען. מען דאַרף אָבער זעהן עס זאָל די גלעקלאַך ניט קענען
נעמען אין מויל אַריין אום זיך ניט צו שעדיגען מיט זיי.

אַ חוץ די פּילקעס און גלעקלעך וועט אויך צונוץ קומען אַ
קלאַפּערעל אויף אַ שטעקעלע, ווי אויף צייכנונג 4, אַז דאָס קינד
זאָל עס קענען האַלטען אין הענטעל. דאָס קלאַפּערעל דאַרף זיין
אַ שטאַרקס, ווייל זאָנסט קען דאָס זיך לייכט צוברעכען און עס
וועלען זיך פון דעם אַרויסשיטען שרעטלעך אָדער אַרבעסלעך, וועלכע
דאָס קינד קען אַריינכאַפּען אין מויל.

עס איז זעהר שעדליך אָנצוהענגען שפּיעלצייג אויף דעם
קינד'ס וואָגען אַנטקעגען זיינע אויגען, בשעת מען פיהרט עס אין
גאַס. ווען דער וואָגען באַוועגט זיך, שאָקלען זיך די זאַכען צו
שנעל און עס שווינדעלט דעם קינד אין די אויגען. דאָס שאַדעט
זיין זעה־קראַפט.

ווען דאָס קינד ווערט עטוואָס עלטער און עס הויבט אָן ארומ־
צוקריכען, וועלען איהם שטאַרק אינטערעסירען קיילעכדיגע זאַ־
כען, וואָס קייקלען זיך אַוועק און מען האָט אַן אַרבייט „נאָכצו־
לויפען“ און זיי כאַפּען. די אַלטע פּילקעס וועלען נאָך זיין אַם
פּלאַץ.

וואָס עלטער דאָס קינד ווערט זוכט עס אַלץ מעהר אַקטיווי־
טעט. יעצט קומט די צייט, ווען עס האָט ליעב צו שליידערען
זאַכען, צוברעכען, צורייסען.

אַרגומענטירען מיט דעם קינד, אַז אַזאַ טעטיגקייט ברענגט
קיין נוצען ניט, איז דאָן פיעל מעהר נוצלאָז, ווי די טעט־
טיגקייט גופא. דעם קינד'ס פאַרניכטענדע מעשים פאַרשאַפען
איהם פאַרגעניגען, ווייל זיי באַפרידיגען אַ נאַטירליכע נייגונג.
אויך לערנען זיי איהם עפּעס וועגען דער געבריכליכקייט פון פאַר־

צעליי אין דער פעסטיגקייט פון האלז, וועגען דער שוואכקייט פון פאפיער און דער שטארקייט פון וואל שטאף און נאך פיעלע אזעלכע ווויסענשאפטליכע כללים. דער מאמע'ס פרעדיגען אבער וועגען וואס מען מעג און וואס מען טאר ניט געהט גאר אין קאפ ניט אריין. דאס קינד פארשטעהט דאס ניט. און פרובירט מען שטראפען מיט א פאטש, מיט א געשריי, קען מען אפשר אנשרעקען, אבער בשום אופן גארניט אויסלערנען. און וויכטיג איז דאך נאך אלעמען דעם קינד'ס ענטוויקלונג, וועלכע עס באקומט דורך דעם שפיעלען און ניט זיין מורא פאר דער מוטער אדער פאר דעם פאטער. אייי־דער דאס קינד איז אלט גענוג צו פארשטעהן דעם אונטערשייד צווישען שעדליך און נוצליך איז דערפאר דאס בעסטע צו באזייי־טיגען אזוינע געבריכליכע זאכען וואס מען וויל האלטען גאנץ, און דאך געבען איהם גענוג געגענשטאנדען צום שליידערען און וואר־פען, ווי א גאמענעם באל, א הילצערנעם קוביק, א שפולקע פון פאדעם. דערביי דארף מען אבער ביי'ם קינד ניט אין גאנצען רויבען דעם פארגעניגען פון פארניכטען. פאפיער צום רייסען איז געוויס ניט כדאי צו זשאלעווען. מעהר ניט, מען דארף נאכדעם צוראמען דאס צימער, אבער קיין גרויסער קרבן איז דאס ניט.

ניט אימער איז אפילו דאס גאר קליינע קינד א משחית. אין א געוויסער מאס האט עס אויך ליעב קאנסטרוקטיווע ארבייט, ווי צום ביישפיעל, עפענען פידעלאך, פלעשלעך און דאן זיי פאר־מאכען, פארשרויפען. אויב איהר האט אין הויז קעסטלאך וואס פארמאכען זיך, פארשרויפען זיך, פרובירט דאס געבען א קינד פון צעהן־צוועלף מאנאטען און איהר וועט זיין ערשטוינט ווי שנעל עס וועט זיך אויסלערנען די מלאכה פון אויפעפענען און פארמא־כען. דאס איז אויך זעהר א גוטע איבונג פאר די מוסקולען פון די פינגער. א פלעשעל מיט א קאריק איז אויך א וואזשנע אינ־סטרומענט. א קנוילעכעל קאלירטע פאדעם, וועלכעס מען קען שלעפען, ציהען, איז גאר א גאנצער אוצר.

די אלע אויסגערעכענטע זאכען, וואס דאס קינד קען אנטא־פען, שלעפען, ציהען, רייסען, ווארפען זיינען די בעסטע שפיעל־צייג, וויל זיי פארשאפען איהם טעטיגקייט, און זיי זיינען גאנץ

גענוג פאר דעם ערשטען יאהר. מיט זייער הילף איבט עס זיינע מוסקולען, עס געפינט אויס די אייגענשאפטען פון פארשיידענע זאכען, עס פאסט זיך צו צו זיין אומגעבונג.

אזעלכע מינים שפיעלצייג קאסטען זעהר ביליג, אבער וואס פאר א ווערט האט אין פארגלייך מיט זיי די קאסטבארע אנגע־שטאפטע קאץ, די טובענע גאנז, און עהנליכע אנטיקען? זייער זאָלאָגישען ווערט ווייס דאס קליינע קינד ניט, ארבייטען מיט זיי לאזט זיך אויך ניט. שליידערט מען זיי ארום אהן נוצען, אדער מען צורייסט און מען צוברעכט צו זעהן וואס עס טוט זיך אינע־ווענינ, אפשר וועט מען דארט דאך ענטדעקען עטוואס אינטערע־סאנטערעס. דאס געלט וואס מען גיט אויס איז דורכאויס אן איבע־ריגע פארשווענדונג, ווייל דאס קינד קריגט פון דעם, אין בעסטען פאל, ניט מעהר פארגעניגען, ווי פון דעם פאפיער וואס לאזט זיך גרינג רייסען, און זיכער א סך ווענינער ווי פון דער לערער שפולקע אדער פון דער פילקע, וועלכע קייקלען זיך אזוי קונציג.

## שפיעלצייג און ווערקצייג פון צווייטען יאהר אן.

ווען דאס קינד טרעט אריין אין צווייטען יאהר, קריגט עס שוין מעהר באגריף ווי צו שפיעלען און דאן דערנקעט עס אויך דאס אויסזעהן פון די פארשיידענע חיות, וועלכע עס האט אין זיין לע־בען געזעהן. דאן קען מען איהם געבען קעצלעך, הינטלעך און אנ־דערע חיות אדער פויגלען. אם בעסטען זיינען די, וואס זיינען גע־מאכט פון צעלולאיד, ווייל דאס קינד האט נאך אלץ ליעב אלעס צו פארזוכען מיט דעם מויל און צעלולאיד וואשט זיך אם לייכטסטען. אויך קען מען שוין דאן אריינברענגען די פופע (דאל). מען דארף איהר אבער באטראכטען גאנץ ערנסט, באזונדער פאר דער מיי־דעלע.

ערשטענס רופט דאס שפיעלען מיט דער פופע ארויס דעם מוטערליכען אינסטינקט. צווייטענס, פארשאפט זי זעהר פיעל מעגליכקייטען פאר טעטיגקייט. מען דארף זי וואשען, אנטאן, לעגען שלאפען, ארומפיהרען שפאצירען, קארמענען און וואס ניט.

אַט טאַקע פּונקט אַזוי פיעל ארבייט ווי די מאַמע האָט מיט איהר קינד, האָט דאָס קינד מיט דער קליינינקער „בייבי".

מען דאַרף דעם קינד ניט געבען קיין פּופּע, ווען עס שלייס דערט זי נאָך ארום גלייך מיט אַנדערע זאַכען און געפינט נאָך ניט ביי זיך אין הארץ קיין באַזונדער וואַרעם ווינקעלע פאַר דער „בייבי". בעסער האָבען געדולד און וואַרטען ביז 15—14 מאָנאַטען, נאָר די פּופּע זאָל ניט ווערען צו וואָכעדיג. האָט איהר באַמערקט ווי אַ קינד וויל זיך ניט שיידען מיט דער אַלטער צוקאַליעטשעטער פּופּע, אפילו ווען זי קריגט אַ נייע, אַ פיעל שעהנערע און בעסערע? אַט דאָס געפיהל איז דאָך אַזוי שעהן און אַזוי ערנסט. עס קאָן זיך אָבער אַם בעסטען ענטוויקלען, ווען דאָס קינד האָט נאָר איין פּופּע און ווען זי קאָן איהר שוין אונטערשיידען פון אַנדערע ניט-לעבעדיגע זאַכען.

ווי עס וואַקסט דאָס קינד אַזוי דאַרפען אויך, צוזאַמען מיט'ן קינד, וואַקסען די באַדערפעגישען פון דער פּופּע, מען דאַרף קליידער, שיך, אַ קאַרעטקע, אַ בעטעלע, אַביסעלע קלייניקע מעבעל, מאַלע אין וואָס אַ לעבעדיגער מענש נויטיגט זיך. אָבער, ניט אַלעס אויף אַ מאָל. זאָל נור דאָס מיידעלע זיך גוט צוגעוואוינען ארומפיהרען די קאַרעטקע, דאַן וועט זי אָפּשעצען אַ בעטעלע, און ווען זי וועט זיך שוין גוט אויסלערנען בעטען דאָס בעט, וועט זי זיך אמת דערפרייען מיט איהר קינד'ס נייעם בענקעלע און אַזוי ווייטער.

צוליעב דעם וואָס די פּופּע פאָדערט אַזאַ פאַרשיידענאַרטיגע טעטיגקייט איז דער אינטערעס אין איהר אַ דויערהאַפטער. אפילו אַ קינד פון 12—14 יאָהר האָט נאָך ליעב צו נעהן פאַר דער פּופּע און צו פּוצען זי. געוועהנליך וואָס עלטער דאָס קינד אַלײן אַ קאָסטבאַרערע פּופּע קען מען איהר פאַרטרויען.

פאַר גאָר אַ קליין קינד וואָס נעמט נאָך זאַכען אין מויל און איז נאָך ניט פאָרזיכטיג, ווי עס באַגעהט זיך מיט זיי, איז גוט צו קויפען אַ צעלולאָידענע פּופּע. זי איז לייכט צום האַלטען, וואַשט זיך גוט און קען גאַנץ פיין שווימען אין דער וואַנע. פאַר אַ קינד וואָס איז אַביסעל עלטער, נור עס קען נאָך אַלײן ניט גוט אָפּהיטען זיינע שפּיעלצייג, איז כדאי צו קויפען אַ הילצערנע פּופּע

אין הינטער דער קאָפּ מיט די הענט און פּיס האַלטען זיך אויף שפּרונגזינגעס און מען קען זיי קירעווען וואו מען וויל. אזא פּופּע קאָסט גאַנץ טייער, זי איז אָבער שטאַרק און דויערהאַפט, און ווער וויל עס ניט, דאָס „קינד" זאָל לאַנג לעבען?

די פאַרשיידענע אָנגעשטאָפּטע חיות וואָס ריהרען זיך פון אָרט ניט און פאַרשאַפען קיין אַרבייט ניט איז גלייכער אין האַנט ניט צו נעמען. אויב דאָס קינד קען האָבען אַ לעבעדיגע קעצעל אָדער אַ הינטעל צו שפּיעלען זיך איז געוויס גוט. דאָס ענטוויקעלט ביי איהם אַ ליעבשאַפט און אַ צוגעבונדענקייט צו אַ לעבעדיגער זאַך און פאַרשאַפט איהם אומענדליכע פאַרגעניגען. די טויטע חיה קען אָבער דאָס אָרט פון דער לעבעדיגער ניט פאַרנעמען, און דערצו איז זי געוועהנליך זעהר ווייניג עהנליך צו דער לעבעדיגער. נעהר ניט, עס זאַמעלט זיך אין איהר שטויב און זי פאַרנעמט אַן איבריג אָרט. אויך זיינען איבריג די פאַרשיידענע מעכאַנישע שפּיעלצייג וואָס לויפען, ווען מען דרעהט זיי אָן. דאָס קינד קען ניט טאָן מעהר ווי קוקען אויף זיי און קוקען, אליין גאָר ניט טוענדיג דערביי, קען עס ניט לאַנג. דעריבער איז גלייכער אַז די איינציגע מינוטען וואָס דאָס קינד קען זיך אָפּגעבען מיט קוקען, מיט באַטראַכטען אַ זאַך מיט'ן אויג זאָלען אויסגענוצט ווערען אויף קוקען אויף אַ זאַך וואָס וועט דורך דעם אויג באַרייכערען דעם גייסט, ענטוויקלען זיין קינסטלערישען געשמאַק. די בעסטע זאַכען פאַר דיזען צוועק זיינען שעהנע בילדער, און אַזעלכע וואָס וועלען ציהען דעם קינד'ס אויפמערקזאַמקייט. הויפּטזעכליך זיינען דאָס בילדער פון חיות, דאַן קומען בילדער פון קינדער און פון ערוואַקסענע. אויב לעבעדיגע בלומען זיינען דעם קינד ניט פרעמד, וועט עס אויך מיט פאַרגעניגען זיך איינקוקען אין געמאָלענע בלומען.

דאָס קינד וואַקסט אונטער און זיין שפּיעל געהט אַלץ מעהר און מעהר אַריבער אין אַרבייט. עס הויבט אָן צו זוכען אַ צוועק אין וואָס עס טוט, עס קען שוין פאָראויסזעהן רעזולטאַטען. עס מאַכט נאָך דעם דיל, איילט עס זיך צו נעמען אַ שטיקעל פּאַפּיער אָדער אַ לאַפּען און אויסווישען, נאָכטוענדיג דער מוטער. דאַן איז אַן אַלטער לאַפּען פיעל מעהר ווילקאָמען און אויך פיעל מעהר

בילדענד ווי א קאָסטבארע שפּיעלכעל, וועלכע דאָס קינד קען נאָך ניט אָפּשעצען. באלד וועט א לאַפּען צונויץ קומען צום ארומווישען דאָס גאַנצע מעבעל אין הויז. אין דער מאַמע'ס בעל הבית'שקייט עפענט זיך פאַר דעם קינד א גאַנצע וועלט. וואָס עס ווערט עלטער, אלץ שווערערע געצייג קען עס באהערשען. אָט ווייסט עס ווי צו ארודעווען מיט א בעזעמיל און באלד איז די מלאכה אויף א וואש ברעטעלע אויך ניט צו שווער.

א קינד פון צוויי יאָהר מעג מען שוין געבען א שיסעל וואַסער מיט א וואַש־ברעטעלע און א פּאָר קליינינקייטען צום וואַשען. דאָס קינד וועט דערפון באַקומען גרויס פאַרגעניגען און ניט וועניגער נוצען. עס וועט זיך אויסלערנען ווי צו באַגעהן זיך מיט וואַסער און ניט פאַרגיסען זיך פון קאָפּ ביז די פיס. די ערשטע צייט וואָס מען לאָזט איהם צו צו „וואַסערדיגער" ארבייט, קען מען איהם אָנטאָן א ציראַטענעם פאַרטוכעל. דאָס וועט אָבער ניט זיין נויטיג אויף לאַנג. אויב מען וועט איהם לאָזען וואשען וועש און וואַשען זיך אליין וועט עס זיך גיך אויסלערנען ווי אזוי מען קען ארויס טרוקען.

וואָס ווייטער אלץ רייכער דאַרף ווערען דעם קינד'ס פאַרמעגען אין ווערקצייג. צו ערשט א לאַפּען, א בעזעמעל, דאַן א מאַשינקע צו קערען קאַווייאָרען, א וואַש־ברעטעלע, וועש־קלאַמערס (קלאָוז פּינס) מיט א שטריק צו הענגען דאָס וועש. דאַן קומט א זאַסטויפ, א גראַבליע, א האַמער און נאָך עהנליכע אינסטרומענטען, וועלכע דאָס קינד קען שוין מעהר אָדער וועניגער באַהערשען. ארום צוויי יאָהר מעג מען איהם אויך פאַרטרויען א שערעלע. אם בעסטען איז צו קויפען אזא, ווי אויף דער צייכנונג נומ. 5. ער־



נומער 5. א שערעלע, פּראָדוצירט פון דער פירמע
**M. Bradley & Co., Springfield, Mass.**

שטיענס, זיינען די שפיצען פארקיילעכדיגט און, אויב עס טרעפט אז דאָס קינד באגעהט זיך מיט דעם ניט פאָרזיכטיג, וועט עס איהם ניט פיעל שעדיגען. צווייטענס, זיינען די רינגלעך אין וועל־כע די פינגער געהען אריין אזוי געמאַכט, אז דאָס קינד קען פריי האלטען די פינגער. עס דארף זיי ניט אזוי בייגען ווי מיט א גע־וועהנליך שערעל און אויך קוועטשט עס ניט.

א קינד פון א יאָהר דריי מעג שוין אָנהויבען ארבייטען מיט א נאָדעל. די ערשטע נאָדלען דארפען אָבער זיין אָהן שפיצען, מען זאָל זיך מיט זיי ניט קענען פארשטעכען. מען רופט זיי שטאפּ־נאָדלען, ווייל מען נוצט זיי צום שטאפּען זאָקען. באלד וועט שוין דאָס מענשעלע קענען פּרובירען זיינע פעהיגקייטען מיט א זעג צו זעגען האָלץ. אביסעל שפּעטער קען מען אויך צוגעבען א פרעסעל.

אום דאָס פרעסעלע זאָל ווירקליך בריינגען נוצען און ניט נור דיענען אלס שפּיעלכעל איז גוט צו קריגען אזא ווי אויף צייכנונג



1 2 3

נומער 6. 1.—דאָס אייזען.

2.—דאָס הענטעל מיט דעם דעקעל, וואָס טוט זיך ארויף אויף דעם אייזען.

3.—דאָס אייזען ווי עס זעהט אויס צונויפגעשטעלטערהייד. דאָס אייזען אויף דער צייכנונג רופט זיך Dover Sad Iron, No. 902.

נומ 6. דאָס באשטעהט פון צוויי טיילען. 1) דאָס אייזען, וועלכעס מען שטעלט אויף דעם פייער דערהיצען און, 2) דער אויבערשטער טייל מיט דעם הילצערנעם הענטעל, וואָס טוט זיך ארויף אויף דעם אייזען. דאָס לעכעלע פון אויבערשטען טייל, וועלכעס איז באצייכענט מיט „א" טוט זיך ארויף אויף דעם שטיפט פ: פרעסעלע, וועלכער איז באצייכענט מיט דעם זעלבען בוכשטאב.

ווען עס פארמאכט זיך זעהט עס אויס ווי נומ. 3 אויף דער צייכ־נונג. דאָס הענטעל בלייבט אימער קאַלט און דאָס קינד קען דאָס דערפאַר האַלטען אָהן א לאַפּען און ניט צוברענען די הענט. דער פּראָצעס פון דעם ביגלען איז אויף אזא אופן גרינג און אָהן געפאהר.

אלערליי געשיר אין קליינעם פאָרמאַט ווי טעפּלעך, פאַנען, טעלער, טאסען און אז. וו. זיינען אויך אינטערעסאנטע און ביל־דענדע שפּיעלצייג, אָבער נור דאַן, ווען דאָס קינד באַנוצט זיי, אזוי ווי די גרויסע. א קינד פון דריי־פיער יאָהר, למשל, קען שוין אליין צושניידען און אָפּקאָכען א קאַרטאָפעל אין א טעפּעלע, צו־קלאַפּען און אָפּפּרעגלען אן איי און מאכען נאָך פיעלע אזעלכע איינפאַכע מאכלים. צוגיסען מילך פון א קליין קרינעל אין די קליינע טאסען און טראַקטירען דערמיט א פּאָר פריינד איז אויך ניט איבער די כוחות פון אזא יונגען מענשען.

א קינד פון פינף, זעקס יאָהר קען זיך שוין באַנוצען מיט שפּיזלעך, א העקעל־נאָדעל און א נאָדעל און פינגערהוט.

די אלע פארשיידענע ארבייטען ווענען וועלכע דאָ איז גע־רעדט געוואָרען ענטוויקלען דעם קינד'ס פעהיגקייטען און גריי־טען איהם צו צו א זעלבסטשטענדיג לעבען.

א חוץ די אלערליי ארבייט־געצייגען, וועלכע האָבען א גרוי־סען ערציהערישען ווערט, זיינען פאראַן מאַסען שפּיעלצייג, וואָס זיינען וויסענשאַפטליך צוגעגרייט און פיהרען דאָס קינד צו באַ־שטימטע צווייגען פון בילדונג, ווי צייכנען, בויען, מאָדעלירען, וועבען, רעכענען, שרייבען, לעזען און וואָס ניט.

מיר וועלען דאָ באשרייבען איינינע אזעלכע שפּיעלצייג, אָדער ריכטיגער, ארבייטס־מאַטעריאַלען.

ערשטענס, קומען די פארשיידענע קלעצעלאך (בלאָקס) צום בויען.

צייכנונג נומ. 7 ווייזט א טורם, צונויפגעשטעלט פון צעהן קוביקעס פון פארשיידענע גרויסען. דאָס קלענסטע איז פונקט א צעהנטעל די גרויס פון דעם גרעסטען.

קליינע קינדער פון צוויי, דריי יאָהר האָבען זעהר ליעב צו בויען דעם טורעם, איהם צוּוואַרפען און ווידער בויען.



1 2

נומער 7. 1.—קוביקעס, וועלכע מען נוצט צום בויען אַ טורם.

2.—דער אויסגעבויטער טורם.

די קוביקעס רופען זיך — Dr. Montessori's Rose Color Tower.
עס פּראָדוצירט זיי — The House of Childhood, New York, N. Y.

אויף צייכנונג נום. 8 וועט דער לעזער געפינען א פּאָאר
קלעצעלעך פון פארשיידענע גרויסען. בישעת דאָס קינד בויעט מיט

אזעלכע קלעצלאך באפרידיגט עס ניט נור זיין פארלאנג צו בויען נור עס באקומט אויך א באגריף פון פראפארציע, סימעטריע און פון דער טיילבארקייט פון איין גאנצעס אויף פארשיידענע טיילען, ווי האלבע, פיערטלען און ד. גל. נומ. 2 אויף צייכנונג 8 ווייזט



נומער 8. 1.—איניגע קלעצעלאך וואס רופען זיך Columbia blocks
2.—האלבע און פיערטלען פון די קלעצעלאך, צונויפגעשטעלט אין גאנצע.

אזעלכע צוטיילונגען. עס זיינען פאראנען פארשיידענע אזעלכע קלעצעלאך און זיי קאסטען גאר ניט טייער. עס איז מיט זיי לייכט צו בויען און נאך לייכטער דאס אויסגעבויטע צו צעוואר־פען. זיי זיינען דערפאר זעהר גוט צוגעפאסט פאר דעם גאר יונ־גען קינד, זאגען מיר פון א יאהר צוויי, ווייל עס באקומט פארגע־

נמיגען ניט נור פון בויען נור אויף פון צושטערען. צייכנונג נומ. 9 ווייזט אַ פּאָר געגענשטאַנדען וואָס זיינען געמאַכט פון צוויי קלעצע־לאַך יעדע. דאָס דורכשניטליכע קינד וועט נאָך פּאַר די צוויי



נומער 9. 1.—אַ באַנק.
2.—אַ טיש.
3.—אַ שטול. יעדעס געמאַכט פון צוויי קלעצעלאַך.



נומער 10. אַריינגאַנג מיט טרעפּ, געמאַכט פון —Columbia blocks

יאָהר קענען מאַכען אַזעלכע שטיק מעבעל. אַזעלכע געביידעס ווי די, וואָס געפינט זיך אויף צייכנונג נומ. 10 זיינען אויך זעהר איינפאַך און אַ יונג קינד קען זיי מאַכען.

נאך א סארט בלאקס וואס זיינען פאסיג פאר דעם קליינעם קינד פון דריי־פיער יאהר, זיינען די אויף צייכנונג 11. זיי זייד נען שטיינערנע און קומען אין דריי קאלירען, בלוי, רויט און לע־דער־קאליר. דא באקומט שוין דאס קינד אויך די מעגליכקייט צו



1 2

נומער 11. 1.—איינינע שטיינדלאך וואס רופען זיך Anchor blocks

2.—א בויער געמאכט פון אזעלכע בלאקס.

ענטוויקלען זיין געשמאק אין צונויפשטעלען די קאלירען. די געביידעס וואס מען קען מאכען זיינען זעהר פארשיידענארטיג און געבען דעם קינד גענוג מעגליכקייט צו ענטוויקלען זיך אין דער בויאונגס קונסט.

א קינד פון א יאהר פיער קען אויך פיעל אויפטאן מיט די

קלעצעלאך און שטעקעלאך ווי אויף צייכנונג 12. זיי עפענען א גרוים פעלד פאר טעטיגקייט.

פיעל קאמפליצירטער זיינען די ברעטעלאך און קלעצעלאך אויף צייכנונג 13. זיי קומען אין פיעל פארשיידענארטיגערע



נומער 12. 1.—א קלעצעלע מיט שטעקלאך, וואס הייסען —Tinkertoy
2.—א בעט, און
3.—א בריק, געמאכט פון דיזען מאטעריאל.



נומער 13. 1.—קלעצלאך מיט ברעטלאך, וואס רופען זיך:
Peg Lock blocks
2.—א— א שטיפט און —ב— א דרעטעל, מיט וועלכע מען שליסט צונויף די בלאקס.
3.—א הויז, געמאכט פון אזעלכע בלאקס.




נומער 14. 1.—פארשיידענע שטיקלאך שטאל פון אַ שפּיעלצייג, וואָס רופט זיך Erector —א— ווייזט אַ שטיפט צו־נויפצושליסען די שטיקלאך שטאָל.
2.—אַ ווינד־מיהל, און
3.—אַ שיף, געמאַכט פון אַזעלכע שטיקלאך שטאָל.

פאַרמען און גרויסען און מיט זיי קען מען מאַכען שיפען, בריקען, הייזער, וואַגאָנס און אַנדערע זאַכען וואָס לאָזען זיך ניט לייכט אומוואַרפען. און וויל מען זיי צונעמען אויף שטיקלאַך דאַרף מען זיך אָנטאָן אַ כוח. יעדע שטיקעל האָלץ האָט לעכעלאַך און ווען מען דאַרף זיי צונויפשטעלען איינס מיט דעם צווייטען טוט מען דאָס מיט דער הילף פון אַ שטיפטיק ווי —א— און אַמאָל באַנוצט מען זיך אויך מיט אַ דרעטעל ווי —ב—.

אַזעלכע בלאָקס זיינען פּאַסיג פאַר אַ קינד פון אַ יאָהר פינף אָדער עלטער.

נאָך אַ שווערערע מלאכה איז צו ארבייטען מיט שטאָל ווי אויף צייכנונג 14. דאָ קומט שוין אויס צו באַנוצען זיך מיט אַ שרויפען־ציהער. מען קען ווערען אַ גאַנצער אינזשעניר און בויען די וואונדערבאַרסטע אַנטיקען. דאָס קינד וואָס באַקומט אַזאַ מתנה דאַרף זיין ניט איינגער פון זעקס־זיבען יאָהר. אַ קינד פון אַ יאָהר ניין־צעהן וועט נאָך מעהר אויבטאָן מיט דעם שטאָל און אייזען.

פון גרויסען ערציהערישען ווערט זיינען פאַר דעם קליינעם קינד די דיקע ברעטלאַך מיט די אריינגעזעצטע קלעצלאַך ווי אויף צייכנונג 15. עס קומען דריי דיקע ברעטלאַך וועלכע



נומער 15. אַ ברעטעל מיט קלעצעלאך. עס רופט זיך: Dr. Montessori's Solid Inserts, און ווערט פּראָדוצירט פון דער פירמע: The House of Childhood, New York, N. Y.

ענטהאַלטען צו צעהן איינגעזעצטע לעכלאַך יעדע. דערצו זיינען פאַראַן צו צעהן איינגעזעצטע קלעצלאַך, וואָס

פאסען זיך אריין אין די לעכלאך. דאס קינד נעמט ארויס די קלעצלאך, מישט זיי צונויף און נאכדעם שטעלט עס זיי אליין אריין צוריק. מאכט דאס קינד א פעהלער, וועט עס זיך אליין פארריכטען אין דער ווייטערדיגער ארבייט. א גרעסער קלעצעל וועט אין א קלענער לעכעל ניט אריין און דאס קינד וועט, נאטירליך, אויפזוכען דאס גרעסערע לעכעל. און שטופט עס אריין א קלענער קלעצעלע אין א גרעטער לעכעל, וועט נאכדעם אויסען בלייבען א גרעסער קלעצעל מיט א קלענער לעכעל, און ווידער וועט דאס קינד אזוי לאנג זוכען, ביז איינס וועט פאסען צום צווייטען.

דער פאקט וואס דאס קינד קען אליין אויסגעפינען ,ווען עס מאכט א טעות מאכט דאס שפיעלצייג זעהר ווערטפאל פאר דעם קינד'ס זעלבסט-בילדונג. מיט דער צייט געוואוינט עס זיך אזוי צו ארבייטען מיט די קלעצלאך, אז ווי עס גיט א קוק אויף א לעכעלע דערקענט עס שוין וועלכעס קלעצעלע וועט זיך פאסען. דאס העלפט פיעל צו ענטוויקלען זיין אויג אזוי, אז עס זאל לייכט דערקענען די גרויס פון פארשיידענע געגענשטאנדען.

די דריי ברעטלאך האבען פארשיידענע לעכלאך און קלעצלאך. אין איינעם אונטערשיידען זיי זיך אין דער לענג, אין צווייטען אין דער ברייט און אין דריטען איןביידע, אין לענג און אין ברייט. דאס לייכטסטע איז צו ארבייטען מיט די, וואס אונטערשיידען זיך אין ברייט. דאס קען מען געבען א קינד פון אנדערטהאלבען אדער צוויי יאהר.

עס זיינען פאראן פיעלע שפיעלצייג וואס ענטוויקלען דעם קינד'ס קונסט-געשמאק און לערנען איהם צו אונטערשיידען קא־לירען.

צוערשט וועלען מיר נעמען די הילצערנע קרעלען ווי אויף צייכנונג 16. זיי קומען אין זעקס קאלירען: רויט, אראנדזש, געלב, גרין, בלוי און פיאלעטעווע. זיי קומען אין קוגעל־פארמע, קוב־פארמע און צילינדער־פארמע.

א קינד פון צוויי־דריי יאהר האט שטארק הנאה פון סילען דיזע קרעלען אויף א שנור־שנירעל. דערווייל באמערקט עס די פארשיידענע פארמען און קאלירען.



נום. 16. 1.—הילצערנע קרעלען פון פארשיידענע פאָרמען: א) קוגעל־פאָרמע, ב) צילינדער־פאָרמע, און ג) קוב־פאָרמע.
2.—דיעלבע קרעלען אַרויפגעסילעט אויף אַ שוך־שנירעל.

פון סילען די הילצערנע קרעלען קען דאָס קינד אריבערגעהן צו סילען ריכטיגע קרעלען מיט דער הילף פון א שפּיצלאָזער נאָדעל (זעהט זייט 189).

נעקסט צו די הילצערנע קרעלען קומט א ברעטעל מיט שטיפּטען ווי אויף צייכנונג 17. די שטיפּטען זיינען פון די זעלבע זעקס



נום. 17. 1.—שטיפּטען.
2.—דאָס ברעטעל מיט די ארויינגעשטעלטע שטיפּטען.
פּראָדוצירט פון מ. ברעדלי ענד קאָ.

קאָלירען, און דאָס קינד קען מיט זיי אויסמאַכען פארשיידענע מוסטערן. דאָס שפּיעלצייג איז פּאַסיג פאַר אַ קינד פון דריי־פיער יאָהר.

אומגעפעהר אין זעלבען עלטער א קינד וועט אויך פארשטעהן

רי זיך צו באנוצען מיט די פארקעט ברעטעלאך ווי אויף צייכ־
נונג 18. זיי קומען אויך אין די זעקס קאלירען און דיענען צום
מאכען פארקעט מוסטערען.



נומ. 18. 1.—פיער־עקיגע און דריי־עקיגע פארקעט־ברעטעלאך.
2.—אַ קוב.
3.—אַ שטערען, און
4.—אַ פליגעל פון אַ ווינט־מיהל, געמאַכט פון די ברעטעלאך.
פראָדוצירט פון מ. ברעדלי ענד קאָ.

א קינד פון א יאָהר פינף, וואָס קען זיך שוין ארבייטען מיט
קליי, וועט קריגען גרויס פארגעניגען און נוצען פון מאכען די
זעלבע מוסטערען פון פאפיערלעך, אָנגעקלעפּט אויף א בויגען וויים
פאפיער. די פאפיערלעך קען דאָס קינד אליין אויסשניידען, לויט
די פאָרמען פון די ברעטעלאך.

צייכנונג 19 ווייזט נאָך א מאטעריאל צו מאכען מוסטע־



נומ. 19. שטיקלאך קארדאָן־פאפיער און פארשיידענע מוסטערען, וואָס
מען קען פון זיי מאַכען. פראָדוצירט ביי — מ. ברעדלי ענד קאָ.

רען. דאָס זיינען שטיקלאך קארדאָן־פאפיער, וואָס קומען אויך
אין די זעקס קאלירען. דאָס קינד לעגט זיי אויס לויט די מוסטע־
רען וואָס עס באקומט אָדער ווי איהם געפעלט אליין.

א אינטערעסאנט שטיקל מאטעריאל צו מאכען מוסטערען זיי־

נען די אייזערנע רינגען ווי אויף צייכנונג 20. זיי קומען אין גאַנצע, האַלבע, און פיעטלען. דאָס קינד לעגט אויס די פאַרשיידענע מוס־טערען און באַקומט אויך דעם באַגריף פון דער צוטיילונג פון רינג. ניט וויסענדיג ווערט זיך, א שטייגער, זעלטען ווער כאַפּען אַז נומ. 4 אויף צייכנונג 20 ענטהאַלט פונקט א האַלב מאַטעריאַל און איז



נומ. 20. 1.—אייזערנע גאַנצע, האַלבע און פיערטעל רינגען.
2.—אַ מוסטער פון האַלבע רינגען.
3.—אַ מוסטער פון גאַנצע רינגען.
4.—אַ מוסטער פון פיערטעל רינגען.
פּראָדוצירט פון מ. ברעדלי ענד קאָ.

פונקט א דריטעל די ברייט פון נומ. 3 אויף דער זעלבער צייכנונג. דער פאַקט אָבער וועלכען דאָס קינד ווייסט, ווען עס ארבייט מיט די רינגען, איז, אַז מוסטער 4 איז צונויפגעלעגט פונקט לויט דעם זעל־בען פּלאַן ווי מוסטער 3, מעהר ניט, איינער באַשטעהט פון פערטלען און דער צווייטער פון האַלבע רינגען.

ווען דאָס קינד קען שוין קלעפּען באַקומט מען דיזעלבע רינגען געמאכט פון פּאַפּיער אין די זעקס קאָלירען און עס קלעפּט מיט זיי אוים מוסטערען אויף ווייס אָדער אַן אַנדער קאָליר פּאַפּיער.

דורך די אַלע מאַטעריאַלען לערענט זיך דאָס קינד צו פאַר־שטעהן פאָרמע און קאָליר און דאַן, ווען עס באַקומט פּאַסטעל שטיפטען און פאַרבען אין דער האַנט האָט עס שוין אַ גרונט אויף וועלכען ווייטער צו ענטוויקלען זיינע קונסט פעהיגקייטען.

איידער מען נעהמט זיך צו פרייער, זעלבסטשטענדיגער מאַה־לעריי מוז מען, נאַטירליך, קענען צייכענען.

די פרייע צייכנונגען, וואָס א קינד מאכט מיט קרייד אויף דער גאַס אָדער מיט אַ בליישטיפט אויף פּאַפּיער פאַרשאַפען איהם גרויס פאַרגעניגען. זיי בילדען איהם אָבער ניט פיעל, אויב עס באַקומט ניט קיין באַשטימטע אַרבייט אין צייכנען לויט אַ פּלאַן.

די אייזערנע אריינגעשטעלטע פאָרמען ווי אויף צייכ־נונג 21 זיינען אַם בעסטען צוגעפּאַסט צו לערנען דאָס קינד צייכנען און צוצוגרייטען זיין האַנט צו מאַכען די באַוועגונגען וואָס זיינען נויטיג צום שרייבען. יעדע פאָרמע שטעלט זיך אריין אין אַ פּלאַץ, וואָס איז אויסגעשניטען אין דעם קוואַדראַטען שטיקעל אייזען, ווי אויף נומ. 1, אויף דער צייכנונג. דאָס קינד שרייבט ארום מיט אַ קאָלירטען פּאַסטעל־שטיפט ארום דעם וואַנטעל פון דער אויסגעשניטענער פאָרמע נומ. 2, דאַן לעגט עס ארויף די גאַנצע פאָרמע נומ. 3 און מאַכט ווידער אַ ליניע ארום און אַרום. אַלס רעזולטאַט קומט ארויס אויף דעם פּאַפּיער די זעלבע פאָרמע און צוויי אויסען ליניעס ווי נומ. 4, דאַן פילט מען די אויסען־ליניעס אויס מיט אַן אַנדער קאָליר שטיפט. וואָס מעהר דאָס קינד ארבייט אַלץ פּאַלקאָמער ווערען, נאַטירליך, די שטריכען.

דיזע פאָרמען קאָסטען גאַנץ טייער אין פאַרגלייך מיט אַלע אַנדערע אויסגערעכענטע שפּיעלצייג. זיי זיינען אָבער אונצו־שטערבאַר און אַ קינד קען מיט זיי ארבייטען מיט גרויס נוצען פון אַ יאָהר פיער ביז צעהן־צוועלף. וואָס מעהר עס צייכענט אַלץ מעהר ענטוויקלען זיך זיינע פינגער צו מאַכען די געהעריגע שטרי־כען. שפּעטער־צו קען דאָס קינד אויך מאַכען פאַרשיידענע מוס־טערען צונויפשטעלעדיג צוויי אָדער מעהרערע פאָרמען. באַנו־




נום. 21. 1.—אַ קוואַדראַט שטיקעל אייזען, אין וועלכען עס איז אויס־געשניטען אַ דרייעקיגע עפנונג און אַ דרייעקיגע אייזערנע פאָרמע, וואָס שטעלט זיך אריין אין דער עפנונג.

2.—ווי צו צייכנען אַ ליניע ארום די ווענטלעך פון דער אויס־געשניטענער פאָרמע.

3.—ווי צו צייכנען אַ ליניע ארום דער אייזערנער פאָרמע, וואָס ליגט אויף דער ערשטער ליניע.

4.—די צוויי אויסער ליניעס טיילווייז אויסגעפילט.

5.—אייניגע פון די אייזערנע געאָמעטרישע פאָרמען, ווי זיי זעהען אויס צונויפגעשטעלטערהייד. זיי רופען זיך: Dr. Montessori's Geometric Iron Insets און זענען געמאַכט אין The House of Childhood, New York, N. Y

צענדיג זיך מיט די קאָלירטע פאסטעל־שטיפטען מאכט עס אויך פארשיידענע קאָלירען־קאָמבינאציעס.

די פאָרמען זיינען כמעט אלע געאָמעטרישע און ווען מען גיט דעם קינד אַ פאָרמע איז גוט איהם אויך צו זאָגען וואָס דאָס איז. ווי „דאָס איז אַ קוואדראט, דאָס איז א דריי־עק", און אזוי ווייטער.

אין די פאָרמען, אין די קאָלירען פון די פאסטעל־שטיפטען און אין די פאַרשיידענע מוסטערען ועט דאָס קינד זעהר אָפט גע־פינען א ווידע־האָלונג פון די זעלבע איינענגשאפטען, וועלכע עס האָט געפונען אין די אנדערע מאטעריאלען, מיט וועלכע עס האָט געמאכט מוסטערען.

די ווידערהאָלונגען וועלען נאָך מעהר באפעסטיגען זיינע גייסטיגע ערפאַהרונגען אויף דעם געביעט פון קונסט.

אין אָנהויב, ווען דאָס קינד באקומט פארבען און פאסטעל־שטיפטען איז איהם נאָך ניט מעגליך צו שאַפען מיט זיי זעלבסט־שטענדיג, מיט א פרייער האַנט. אום איהם אריינצופיהרען אין דער נייער קונסט פון באַנוצען זיך מיט פארבען זיינען דערפאר פאראן פארשיידענע צייכנונגען וואָס געבען נור דעם קאנטור פון די פיגורען און דאָס קינד דארף זיי אויספילען מיט די פארבען לויט זיין געשמאק און זיינע קענטניסע. פיעלע אַזעלכע צייכנונגען קו־מען געבונדען אין ביכער אין דאָס קינד האָט ביי זיי ניט קיין אנ־דער ארבייט, ווי דאָס אויספארבען מיט פּאַכטעל, אָדער מיט דעם בערשטעל אין פארב. אנדערע ווידער פארשאַפען נאָך מעהר אר־בייט, ווייל א חוץ דעם אויספארבען דארף מען זיי אויך אויסשניי־דען און צונויפשטעלען.

ציכנונג 22 ווייזט אזא מאטעריאל. די אויסעז־ליניעס פון דעם קערפער, עק, און פליגלען פון א פויגעל זיינען אנגעצייכענט יעדע באזונדער. דאס קינד פארבט זיי אויס, שניידט זיי אויס מיט א שערעל און נעהט זיי צונויף. דאן באקומט זיך א פייגעל,



נומ. 22. 1.—די אויסען־ליניעס פון א פויגעל.
2.—דער פארטיגער פויגעל.
פראדוצירט פון מ. ברעדלי ענד קא.

וועלכען מען קען אויפהענגען אויף א פאדעם. אזעלכע צייכנונגען קען מען געבען א קינד פון א יאהר פינף־זעקס.

עס זיינען אויך פאראן פארשיידענע עהנליכע בילדער צום אויסשניידען און אנקלעפען, וועלכע מען דארף ניט פארבען, זיי זיינען דערפאר גוט פאר איגגערע קינדער, אום צו געבען זיי איי־בונג אין שערען אויף א באשטימטער ליניע און אין אויפקלעפען ווי געהעריג איז.

א קינד פון א יאהר זעקס־זיבען וואס האט געהאט די נויטיגע פארבערייטונג קען זיך שוין באנוצען מיט א צירקעל ווי אויף צייכ־

נומ. 23. שאַפּענדיג זיינע אייגענע מוסטערן אָדער קאָפּירענדיג פון א מוסטער.



נומ. 23. אַ צירקעל.

איך ווייס איהם פאַר דעם זעלבען צוועק צונויפ קומען אַ ווירעלע.

צייכנונג 24 ווייזט מאַטעריאל צום וועבען. דאָס איז אַ



נומ. 24. 1.—פּאַפּיערענע פראנזען צום וועבען.
2.—די נאָדעל מיט דער פראַנז, דורכגעצויגען דורך די איינגעשניטענע ליניעס פון אַ קוואַדראַטער שטיקעל פּאַפּיער.
3.—פארטיגע קאַוויאַרען.
פּראָדוצירט פון מ. ברעדלי ענד קאָ., ספּרינגפיעלד, מאסס.

קוואדראַטע שטיקעל קאָלירטע פּאַפּיער, מיט איינגעשניטענע ליניעס. שמאָלע פּאַפּירענע פראַנזען פון אַנדערע קאָלירען ציהען זיך דורך מיט דער הילף פון א ספּעציעלער נאָדעל. עס באקומט זיך א קליינינקער קאַוויאָר מיט א באַשטימטען מוסטער. די אַרבייט איז פּאַסיג פאר א קינד פון פיער־פינף יאָהר. ווען דאָס קינד לערענט זיך אויס וועבען מיט דעם פּאַפּיער, געהט עס אריבער צום וועבען מיט פּאָדעם, שנירלעך, שטרוי און אז. וו. עס זיינען פאַראַנען פארשיידענע ריימלעך וואָס מען נוצט ביי׳ם וועבען.

צו מאַכען אינטערעסאַנט און לייכט דעם קינד'ס ערשטע שריט אין נעהען, איז גוט איהם צו געבען די דורכגעשטאָכענע קאַרטען ווי אויף צייכנונג 25. מיט א שפּיצלאָזער נאָדעל און



1 2

נומ. 25. 1.—דורכגעשטאָכענע קאַרטען צום נעהען.
2.—דורכגעשטאָכענע קאַרטען צום שנורעווען.

וואָל אָדער פאָדעם קען א פיער יאָהריגער מענש מאַכען די שעהנ־סטע שטיקערייען אויף דיזע קאַרטען. נומ. 2 אויף צייכנונג 25 ווייזט עהנליכע קאַרטען מיט גרעסערע לעכלעך צום שנירעווען די שטעך אנשטאט נעהען.

שטריקען און העקלען זיינען אויך זעהר גוטע איבונגען פאַר דעם קינד'ס פינגער אזוי גוט ווי פאַר זיין געדולד. זעהר א גרינ־גער וועג צו העקלען איז מיט א שפּול ווי אויף צייכנונג 26.



נומ. 26. 1.—דאָס העקלען אויף אַ שפּול.
2.—דאָס העקלען אויף א האָר־נאָדעל.

אויך וועט פאר א קינד זיין לייכט צו העקלען אויף א הארנאדעל ווי אויף דער זעלבער צייכנונג. די נעצייגען העלפען מאכען גלייכע איינגלעך.

צו העלפען דעם קינד מאכען די ערשטע שריט אין סקולפטור ניט מען איהם מאָדעלירונג־ליים. מען באקומט עס ענטוועדער ביי'ם פונט אין איין קאליר, אָדער מען קויפט דאָס אין קעסטעלאך. זעהט צייכנונג 27. דאָס ערשטע ווייזט מען דעם קינד ווי



נומ. 27. 1.—אַ לוימענע קניידעל.
2.—אַ שיסעלע, געמאַכט פון דעם זעלבען קניידעל.
3.—אַ שיפעלע
4.—אַ בלום.
5.—אַ טישעלע.
6.—אַ טאַסע, שאָל און לעפעלע.
7.—אַ לייכטער און ליכט.
8.—אַ קוישעלע.

אויסצוקייקלען קליינע, רונדע קניידלעך. דערצו פאָדערט זיך ניט קיינע געצייג. די הוילע הענט קענען דאָס גאנץ לייכט מאכען. דער צווייטער שריט איז אין דעם קניידעל מאכען א גריבעלע מיט'ן פינגער אזוי, אז עס זעהט אויס ווי א שיסעלע. ווייטער קען מען גאנץ גרינג מאכען טאסען, שאלען, לייכטער און נאָך אזעלכע איינ־פאכע זאכען. ווען עס איז ניט גענוג צו ארבייטען בלויז מיט די

פינגער, באַנוצט מען זיך מיט הילצערנע לאַפּעטקעס ווי אויף צייכנונג 28.



נומ. 28. לאַפּעטקעס צום מאָדעלירען.

אַ קינד פון פיער יאָהר קען שוין עפּעס אויפטאָן מיט מאָ־דעלירונג ליים און וואָס עלטער עס ווערט אלץ פיינערע זאכען קען עס מאכען.

אַ קינד פון דריי־פיער יאָהר איז שטאַרק פאראינטערעסירט אין נומערען און בוכשטאַבען. און אביסעלע שפּעטער באַקומט עס גרויס פארגעניגען פון צונויפשטעלען די בוכשטאַבען אין ווערטער.

אין די מאָנטעסאָרי מאַטעריאַלען זיינען פאראַן בוכשטאַבען, אויסגעשניטען פון זאמד־פּאַפּיער און אָנגעקלעפּט אויף קאַרדאָן־פּאַפּיער. דאָס קינד לערנט די קלאַנגען פון די בוכשטאַבען, בשעת עס טאַפּט זיי מיט די פינגער, מאַכענדיג די זעלבע באַ־וועגונגען ווי צום שרייבען. שפּילענדיג זיך אויף אַזאַ אופן לערנט עס זיך אויס סיי שרייבען די בוכשטאַבען, סיי זיי לעזען . דאָס איז זעהר אַ גוטע סיסטעם, מען מוז אָבער דערצו האָבען אַן ערציהער, וואָס ווייסט גוט, ווי אַזוי אָנצוצייגען דעם קינד צו טאָן ריכטיג די אַרבייט. פיעל גרינגער, הגם ניט אַזוי ווירקזאַם איז צו געבען דעם קינד קלעצעלאַך מיט בוכשטאַבען און נומערען און איהם זאָגען וואָס זיי זיינען. עס זיינען פאראַן פאַרשיידענע אַזעלכע קלעצע־לאַך. די וואָס געפינען זיך אויף צייכנונג 29 זיינען זעהר גוט.



נומ. 29. קלעצלאַך מיט בוכשטאַבען. זיי הייסען Tinkertoy Letters

ווייל זיי ענטהאלטען ניט קיין אנדער זאך אויסער דעם בוכשטאב.

אנדערע קלעצעלאך האבען אויסער דעם בוכשטאב א בילד מיט קאלירען. בשעת דאס קינד קוקט אויף דעם קלעצעלע באקומט עס צופיעל איינדריקען אויף אמאל. עס האט צו באמערקען די פי־גורען און די קאלירען און עס קען דערפאר ניט שענקען זיין גאנצע אויפמערקזאמקייט צו דעם בוכשטאב. ווען עס זעהט אבער פאר זיך בלויז דעם בוכשטאב, געהט דער בוכשטאב בעסער אריין אין זיין זכרון.

מען דארף דעם קינד ניט געבען אלע בוכשטאבען אויף א מאל. מען גיט איהם צוערשט א דריי־פיער און צוביסלאך גיט מען צו מעהר און מעהר. אנשטאט צו זאגען דעם קינד דעם נאמען פון בוכשטאב, וועט פאר איהם זיין פיעל גרינגער, אויב מען וועט איהם נור געבען דעם קלאנג. אנשטאט, למשל, צו זאגען אויף פ — פיי, איז בעסער ארויסצוריידען דעם קלאנג פ, אדער אנ־שטאט צו זאגען אן אלף זאגט מען א.

אזוי שנעל, ווי דאס קינד קען שוין איינינע בוכשטאבען ווייזט מען איהם, ווי אזוי צונויפצושטעלען ווערטער. ווען זיין באגריף ווערט ניט צומיישט פון די נעמען פון די בוכשטאבען, איז פאר איהם זעהר גרינג צונויפצושטעלען ווערטער לויט די קלאנגען. ווי עס וועט דערזעהן פ—א—פ—א, וועט עס באלד דערקענען די קלאנגען און עס וועט ארויסזאגען דאסווארט.

דערווייל ווייסען מיר ניט פון קיינע מאטעריאלען צו לערנען דאס קינד אידיש. די אידישע בוכשטאבען אויף דער צייכנונג האט דער צייכנער אליין אנגעשריבען אויף די קלעצעלאך. ווער עס וויל געבען דעם קינד אידישע בוכשטאבען, קען פאלגען דעם ביי־שפיעל.

ווען דאס קינד קען שוין צונויפשטעלען און דורכלעזען איי־נינע ווערטער איז גוט איהם צו געבען קליינינקע שפיעלכעלאך, ווי א קעצעלע, א טעפעלע און דאס גלייכען. אויף באזונדערע צעטע־לאך שרייבט מען אן די נעמען פון די געגענשטאנדען און מען שטעלט יעדען געגענשטאנד אויף דעם געהעריגען צעטעלע. דאן גיט מען זיי דעם קינד. דאס קינד קוקט זיך איין און צעווארפט די צעטעלאך, דאן פאסט עס זיי ווידער צו צו די געגענשטאנדען.

אין אָנהייב גיט מען ניט מעהר, ווי צוויי אזעלכע צעטעלאך, און וואָס ווייטער פארמעהרט מען זיי, ביז מען העננט אויף א צעטעלע אויף יעדען געגענשטאנד אין צימער און דאָס קינד מאַכט מיט זיי דורך דיזעלבע איבונגען. עס שפּיעלט זיך אויף אזא אופן און לערענט זיך דערוויל לעזען גאנצע ווערטער.

צייכנונג 30 ווייזט א בילד מיט דעם נאָמען **פון בילד.**




נום. 30. 1.—אַ בילד פון אַ הונט מיט דעם אונטערשריפט—Dog אַ הונט.
2.—אַ באזונדער קאַרטעל מיט דעם זעלבען וואָרט.
פּראָדוצירט פון ט. ברעדלי ענד קאָ., ספּרינגפיעלד, מאסס.

אויף א באזונדער קארטעל געפינט זיך ווידער דער זעלבער נאָמען. דאָס קינד באקומט אייניגע אזעלכע בילדער. עס זוכט אויס דאָס ריכטיגע באזונדערע קארטעל און פּאסט עס צו צו דעם בילד מיט דעם זעלבען נאמען. דיזען מאטעריאל קען מען אויך לייכט מאכט אין אידיש. מען שניידט אויס בילדלאך און מען קלעפּט זיי אָן אויף קארדאָן־פּאַפּיער צוזאמען מיט דעם נאָמען לויט דעם מוסטער פון דער צייכנונג.

ווען דאָס קינד קען שוין לעזען ווערטער גיט מען איהם צע־טעלאך, אויף וועלכע עס זיינען אָנגעשריבען באפעהלען, וואָס זיי־נען פאר דעם קינד לייכט איבערצולעזען און דורכצופיהרען. דאָס קינד באקומט דאָס צעטעלע און פיהרט דורך דעם באפעהל, ווי־זענדיג דערמיט, אז עס האָט געלעזען און פארשטאנען דאָס גע־לעזענע. אזוי, צום ביישפּיעל, אויב אויף דעם צעטעלע זיינען גע־

ווען די ווערטער — ע פ ע ן  ד י  ט י ר — און דאָס קינד האָט איבערגעלעזען און געעפענט די טיר, ווייזט עס, אז דאָס געלעזענע איז פאָלקאָם פארשטאַנען געוואָרען.

די אלע איבונגען מוזען דורכגעפיהרט ווערען אלס שפּיעל, וואָס אינטערעסירט דאָס קינד. דערפאר איז אימער בעסער ווען עטליכע קינדער ארבייטען אינאיינעם. דער ערציהער גיט יעדען א באזונדער צעטעלע מיט א באזונדער באפעהל און די קינדער איי־לען זיך זיי דורכצופיהרען.

אויף דעם זעלבען אופן, וואָס דאָס קינד לערענט בוכשטאבען לערענט עס זיך אויך נומערען. אום די נומערען זאָלען פאר איהם האָבען א ממשות'דיגע באדייטונג און ניט ערשיינען אלס אן אב־סטראַקטער באגריף, דארף מען איהם ווייזען די נומערען אינאיי־נעם מיט די געהעריגע צאָלען געגענשטאנדען. מען קען זיך בא־נוצען מיט פילקעס (מארבעלס) ווי אויף צייכנונג 31, אָדער מיט קרעלען, שטעקעלאך און עהנליכעס.



נום. 31. „טינקערטאָי" נומערען מיט די געהעריגע צאָלען מאָרבעלס.

צייכנונג 32 צייגט קארטלעך מיט נומערען וואָס זיינען ספּעציעל צונויפגעשטעלט צו לערנען דאָס קינד רעכענען. עס זיי־נען פאראן פארשיידענע אזעלכע מאטעריאלען. דאָס בעסטע איז

אָבער אַ חוץ די אינדיווידואלען אימער ווייזען דעם קינד, ווי צו רעכענען ביי קאָנקרעטע טעטיגקייטען. אַזוי, צום ביישפּיעל, בעט מען איהם ברענגען זעקס עפּעל צו קאָכען קאָמפּאָט. מען פּאָרעריט איהם אויף צו העלפען גרייטען דעם טיש און דערביי פּאָרגיט מען איהם די פּראָבלעם אויסצוציילען וויפיעל מענשען עס וועלען געהן עסען און לעגען די געהעריגע צאָהל לעפעל־גאָפּעל, אָדער אנדערע נויטיגע געגענשטאַנדען.




נום. 32. 1.—אַ קאַרטעל מיט פּינטעלאך און אַ קאַרטעל מיט נומערען.
דאָס קינד דאַרף צוזוכען די ריכטיגע נומערען צו דער געגעבענער צאָל פּינטעלאך.

2.—באַזונדערע קאַרטלעך מיט נומערען און באַזונדערע מיט רעכנונגס־צייכענס צום נוצען ביי'ם רעכענען.
פּראָדוצירט פון מ. בראַדלי ענד קאָ., ספּרינגפיעלד, מאַסס.

ווען דאָס קינד ווערט עלטער קויפט מען איהם אַ וואָג און מען גיט איהם צו וועגען פּרוכט, קאַרטאָפעל און דאָס גלייכען. מען קען איהם אויך געבען אַ מאָס צו מעסטען פליסיגקייטען, אַ מאָס צו מעסטען לענגען, און אַזוי ווייטער.

אַ גוטע שפּיעלצייג צו לערנען דאָס קינד רעכענען איז דאָס

געלט אויף צייכנונג 33. קינדער האָבען זעהר ליעב צו שפּיעלען



נומ. 33. געלד געמאַכט פון קאַרדאָן־פּאַפּיער.
פּראָדוצירט פון מ. ברעדלי ענד קאָ.

קראָם און דאָס געלט אזוי גוט ווי די מאָסען קומען דאָן גוט צונוץ. דאָס געלט איז געמאכט פון הארט פּאַפּיער. די קופּערנע און גאָלדענע מטבעות זיינען געל און די זילבערנע ווייס.

עס איז גאָר קיין סוף ניטאָ צו די מאַטעמאַטישע פּראָבלעמען, וואָס דאָס קינד קען באַקומען אין דער היים אין זיין אַלטעגליכער ארבייט און שפּיעל.

מיט דער אויסנאַמע פון די פּאָר מאָנטעסאָרי מאַטעריאַלען, קאָסטען אַלע אַנדערע אָנגעגעבענע געגענשטאַנדען גאַנץ ביליג. אזוי קאָסט, אַ שטייגער אַ שפּילקע צום שטריקען ווי אויף צייכנונג 26, 8 סענט. אַ קעסטעלע פּאַרקעט־ברעטעלאַך ווי אויף צייכנונג 18, 20 סענט. אַ קעסטעל געלט ווי אויף צייכנונג 33, 40 סענט. אַ קאַסטעל בלאָקס ווי אויף צייכנונג 13, 1 דאָלאַר. אין פאַרגלייך מיט אַנדערע שפּיעלכער זיינען די אַלע פּרייזען גאָר נידריג. די נוצען אָבער וואָס דאָס קינד באַקומט פון די געגענשטאַנדען זיינען ניט אין אַן ערך העכער, ווי די נוצען וואָס עס האָט פון די אַנדערע געוועהנליכע שפּיעלכער.

דאָס קינד מוז קוקען אויף די זאַכען מיט מעהר אכטונג, ווי

קינדער קוקען געוועהנליך אויף שפּיעלכער. מען דאַרף עס לערנען אימער האַלטען זיינע זאַכען אויף אַ באַשטימטען אָרט. אויב עס פּאַר־שטעהט נאָך ניט גענוג אַליין צו האַלטען זיין באַרמעגען אין אָרד־נונג, דאַרף די מוטער זעהן יעדען אויפדערנאַכט אַלעס צוזאַמענקלייבען און אַוועקשטעלען אויף אַן אָרט, אַזוי, אַז דעם קינד'ס אויג זאָל זיך געוואוינען אימער צו זעהן זיינע זאַכען אין אָרדנונג. דאָס וועט מוזען האָבען אויף איהם די געווינשטע ווירקונג, און ווי עס וועט נור זיין ענטוויקעלט גענוג דאָס צו טאָן, וועט עס פאָלגען דער מוטער'ס ביישפּיעל און אַליין אַוועקשטעלען די זאַכען נאָך דעם שפּיעלען.

אויך דאַרף דאָס קינד קיין מאָל ניט האַלטען נעבען זיך די זאַכען מיט וועלכע עס שפּיעלט ניט. ווען עס שפּיעלט מיט איין זאַך און ווערט מיעד דערפון, דאַרף עס דעם נעגענשטאַנד אַוועק־שטעלען און דאַן ערשט נעמען אַן אַנדערען. דעם קינד'ס באַציהונג צו זיינע שפּיעלצייג און אַרבייטס־געצייג איז זעהר אַ וויכטיגער טייל פון זיין ערציהונג.

געוועהנליך האָבען מיר דאָ ניט אָנגענעבען אַ ל ע שפּיעל־צייג וועלכע עס איז כדאי צו געבען דעם קינד. מיר האָבען אָבער דערמאָנט גענוג צו געבען דעם לעזער אַ באַגריף וועגען דעם ער־ציהערישען ווערט פון שפּיעלצייג. אין די קלענערע שטעדט איז אָפט זעהר שווער צו באַקומען די מינים שפּיעלצייג, וועגען וועלכע עס רעדט זיך דאָ. אין אַזעלכע פעלע איז דאָס בעסטע צו ווענ־דען זיך דירעקט צו די פירמעס, וואָס פּראָדוצירען די געגענשטאַנ־דען, נאָך קאַטאַלאָגען. און דאַן קען מען אַלעס באַשטעלען לויט די קאַטאַלאָגען.

די נעמען פון אייניגע פירמעס און די שטעדט, וואו זיי געפי־נען זיך זיינען אָנגעגעבען מיט די באַשרייבונגען פון די צייכנונגען.

אום דער ערציהער זאָל קענען בעסער פאַרשטעהן דעם קינד'ס אַרבייט און איהם באַהילפליך זיין ווען נויטיג, דאַרף ער זיך אַליין גוט באַקאַנען מיט יעדען נעגענשטאַנד באַזונדער. ווי עס קומט אַריין אַ נייע זאַך אין הויז דאַרף די מוטער, אָדער דער פאָטער, אויב ער פּאַסט אויף אויף דעם קינד'ס אַרבייט, זיך נעמען אַר־בייטען מיט דעם נאָך איידער עס קומט אַריין צום קינד אין די

הענט. נור דאן ווערט דאס קינד קענען באקומען פון דעם אויפ־פאסער די ריכטיגע אנווייזונגען. ווי עס איז שוין אייניגע מאל אנ־געוויזען געווארען דארפען די אנווייזונגען קומען זעהר זעלטען. מעהרסטענס דארף דאס קינד ארבייטען זעלבסטשטענדיג.

זעהר אינטערעסאנט איז פאר דעם קינד צו מאכען זיינע אייגענע שפיעלצייג, ווי אן אלמערעל פון קעסטעלאך, א וועגעלע פון שפולקעס מיט ברעטעלאך. מיר האבען זיך אבער דארויף ניט אפגעשטעלט גענויער, ווייל דאס דורכשניטליכע קינד קען די זאכען ניט מאכען פאר אכט־ניין יאהר.

אין וואס פאר א יאהרען דאס קינד זאל ניט זיין און וואס פאר א שפיעלצייג מען זאל איהם ניט געבען איז אימער כדאי צו שטעלען די פראגע: וואס פאר א מעגליכקייטען פאר טעטיגקייט און זעלבסט־ענטוויקלונג וועט איהם דאס שפיעלצייג געבען? און וואס איינפאכער די שפיעלצייג וועלען זיין און וואס מעהר טעטיגקייט זיי וועלען ביי איהם ארויסרופען אלץ בעסער פאר'ן קינד, אלץ רייכער וועט דאס מאכען זיין גייסט.

## דראמאטישע שפיעל.

דאס דראמאטישע שפיעלען פון קינד באגרינדעט זיך אויף דער נייגונג נאכצואהמען אלעס וואס קומט ארום איהם פאר. מען דארף קיין דראמען פאר דעם קינד ניט שאפען, כמעט זיין גאנצע טעטיגקייט איז דראמאטיש, זיין גאנצע שפיעל איז א פארשטע־לונג. ווען דאס קינד זאל זיין וואכענדיג אלע 24 שטונדען אין מעת לעת וואלט עס געהאט גענוג ראלען צו שפיעלען און וואלט זיך ניט גענויטיגט, אז די גרויסע זאלען איהם ארויסהעלפען. עס ווערט לאנגווייליג צו שפיעלען א מוטער־ראל, ווערט מען פארוואנדעלט אין א קעכין; פארציהט זיך דאס צו לאנג, שפיעלט מען די ראל פון א הונט. מיט איין ווארט, אבי צייט, קיין שטאף נעמט זיך ניט אויס.

דאס בעסטע איז ניט צו שאפען פאר דעם קינד קיין ראלען נור לאזען איהם אליין שפיעלען, ווי עס וויל. מען נעמט דאן ניט צו ביי איהם זיין אייגענע איניציאטיווע און עס ענטוויקעלט זיך אין איהם מעהר אריגינאליטעט. א חוץ איז דעם קליינעם קינד נאך שווער צו אונטערשיידען צווישען אמת און ליגען. אויף ווי־

פּיעל עס זוכט זיך צו דערוויסען דעם אמת, דאָס הייסט, אויף ווי־
פיעל עס דורשט צו באַקאַנען זיך מיט די פאַקטען פון לעבען, גע־
פינט עס געוועהנליך זיינע אויטאָריטעטען אין ערוואַקסענע. אויף
ריזע ערוואַקסענע פאַרלאָזט זיך דאָס קינד, אַז זיי וועלען איהם
געבען אַלע אויסקינפטע, אַז זיי וועלען איהם דערצעהלען דעם אמת,
און עס שענקט זיי זיין פולען צוטרויען. און אום דער ערוואַקסע־
נער זאָל ניט פאַרלירען דעם קינד'ס צוטרוי, איז עס אבסאָלוט
נויטיג, דאָס קינד זאָל פון איהם נור הערען דעם אמת.

עס פּאַסירט, למשל, אַז איינער שפּיעלט מיט אַ קינד. אַלס
שפּיעלצייג דיענט אַ שטאָפּען הינטעל. דער ערוואַקסענער ווערט מאַ־
כען „האוו, האוו, דאָס הינטעלע האַווקעט, אָט ווערט דאָס דיך אַ ביס
טאָן." דאָס קינד דערשרעקט זיך אויף אַן אמת און האָט זיך שוין
מורא צו שפּיעלען מיט'ן שפּיעלצייג. דער ערוואַקסענער האָט נור
באַצוועקט אַן אונשולדיגע שפּיעל מיט'ן קינד. דאָס קינד אָבער,
האָט דאָס ניט פאַרשטאַנען און האָט ווירקליך געגלויבט, אַז דאָס
הינטעל קען בייסען. ווען דאָס קינד אָבער וועט אַליין האַלטען
דאָס הינטעל און זאָגען „בייס, הינטעל, בייס". וועט עס וויסען
אַז דאָס איז נור אַ שפּיעל, אַז דאָס שפּיעלצייג קען ניט בייסען.

אָדער זאָגען מיר אַ לעהרערין פון אַ קינדער־גאַרטען שפּיעלט
מיט די קליינוואַרג און זי דערצעהלט זיי: „אָט דאָס קלעצעלע איז
אַ פערד, די פּאָאַר קלעצעלאַך זיינען אַ שטאַל, יעצט פיהרען מיר
דאָס פערד אין שטאַל אריין". און זי רוקט איין קלעצעלע צו די
אַנדערע. ביים קינד אין געדאַנק צומישען זיך די באַגריפען. עס
איז געוואוינט צו גלויבען דער לעהרערין אַלעס, וואָס זי זאָגט.
זי איז זיין אויטאָריטעט, און מיט אַמאָל דערצעהלט זי איהם אַזעל־
כע מעשות. און ווידער ווער ווייסט, אפשר איז טאַקע דאָס אַ
שטאַל, און אפשר איז טאַקע דער נאָמען פון דעם ספּעציעלען קלע־
צעלע — פערד. שפּעטער, ווען דאָס קינד באַקומט די ריכטיגע
אויסקינפטע וועגען וואָס ניט איז, קען עס ניט פּינקטליך אור־
טיילען צו איז דאָס אמת, אָדער דאָס איז אויך ניט מעהר ווי
שפּיעל.

עס איז דערפאַר גלייכער צו לאָזען דעם קינד'ס דראַמאַטישע
קראַפט אַליין שאַפען, פריי לויט זיין אויסוואַהל. דאַן פיהלט דאָס

קינד דעם אונטערשייד צווישען דעם אמת, וועלכען עס האָט זיך דערוואוסט פון זיין ערוואקסענעם אויטאָריטעט און די אויסגע־טראַכטע מעשות, וואָס קומען פון זיין אייגענער פאַרשטעלונגס קראַפט.

אויב די לעהרער׳ין זאָגט דעם קינד: „דאָס זיינען קלעצעלאך, פון וואָס עס וועט וועלען, עס וועט אָבער וויסען, אַז אין דער אמת קינד קיין צווייפעל ניט האָבען וועגען דעם ריכטיגען נאמען און דעם צוועק פון דעם מאַטעריאַל. דאַן אויב עס וועט אויסבויען אַ שמאָל און עס וועט פעהלען אַ פערד, וועט עס אליין שאַפען דאָס פערד פון וואָס עס וועט וועלען, עס וועט אָבער וויסען, אַז אין דער אמת איז דאָס קלעצעלע אַ קלעצעלע.

איבערהויפט איז ביי די קינדער אזוי שטאַרק דער דראַמאַטי־שער געפיהל, אַז ער נויטיגט זיך ניט אין ערמונטערונג. אין וואָס דאָס קינד נויטיגט זיך אָבער יע, איז אין דערוויסען זיך דעם אמת וועגען אַלע לעבענס פאַקטען, מיט וועלכע עס קומט אין באַריהרונג.

גוטע מעשה׳לעך העלפען פיעל צו בילדען דעם קינד׳ס דראַ־מאַטישען געפיהל. דאָס קינד פרובירט געוועהנליך צו שפּיעלען די פאַרשיידענע ראָלען פון די העלדען פון די מעשה׳לעך, עס מאַכט נאָך זייער שפּראַך און זייערע מאַנירען. וואָס ליטעראַרישער די מעשה׳לעך זיינען אַלץ אַ בעסערע ווירקונג האָבען זיי אויף דעם קינד׳ס דראַמאַטישע ענטוויקלונג. געוועהנליך מוז מען זיך רע־כענען מיט דעם קינד׳ס עלטער און מיט זיין פאַרשטאַנד יוען מען דערצעהלט איהם די מעשה׳לעך. ווי ליטעראַריש אַ מעשה׳לע זאָל ניט זיין, וועט דאָס דעם קינד קיינע נוצען ניט ברענגען, אויב עס וועט דאָס ניט פאַרשטעהן.

אויך אין די מעשה׳לעך דאַרף מען די קליינע קינדער ניט אָנ־ווייזען, וועלכע ראָלען צו שפּיעלען, זאָלען זיי זיך אליין אויסקלייבען און איינטיילען די ראָלען, און שפּיעלען אזוי נוט ווי זיי פאַר־שטעהען.

## געזעלשאַפטליכע שפּיעל.

דאָס גאָר יונגע קינד שפּיעלט ניט מיט אנדערע קינדער און נויטינט זיך ניט שטאַרק אין זייער געזעלשאַפט. עס האָט אָבער

זעהר האלט די געזעלשאפט פון ערוואקסענע, און עס האט פארגע־
ניגען ווען מען שפּיעלט זיך מיט איהם.

ווי עס איז שוין באמערקט געווארען (זייט 173) איז עס ניט ראטזאם צו שפּיעלען צופיעל מיט'ן פּיצעלע קינד און באזאנדערס אזעלכע שפּיעלען וואס רעגען עס אויף. אביסעל שאדט אבער ניט און ברענגט זאגאר נוצען. ווען דאס קינד איז נאך גאר יונג קענען מיר צו איהם ריידען, זינגען פאר איהם און אויף אזא שטייגער עס לאזען שעפּען פארגעניגען פון אונזער געזעלשאפט. ווען עס ווערט אלט א מאנאטען פינף־זעקס, האט עס שטארק הנאה ווען מיר שפּיעלען זיך אביסעל מיט זיינע פינגערלאך, זיינע הענטעלאך ווי: „פּאטש, פּאטש קיכעלאך", „סאראקא, וואראנא", און ענ־ליכע חכמות. א „בויך" אדער א „פינגער שפּיעל" איז א גאנץ אונשולדיגער פארגעניגען, וואס מען מעג דעם יונגען נפש פארגי־נען מיט'ן גאנצען הארצען. אויך האבען די קליינווארג ליעב שפּיעלען אין באהעלטעניש. כלומר'שט באהאלט מען זיך און כלומר'שט דערזעהט מען און מען מאכט „טיו־טיו".

ווען דאס קינד ווערט עלטער איז אויך גוט פון צייט צו צייט אביסעל פארברענגען מיט איהם, אבער מעהרסטענס זאל זיך עס געוואוינען שפּיעלען אליין, אהן דער הילף פון ערוואקסענע. אויף אזא אופן וועט זיך ענטוויקלען זיין זעלבסטשטענדיגקייט.

א קינד פון צוויי־דריי יאהר הויבט שוין אן צו באגעהרען די געזעלשאפט פון אנדערע קינדער. אמת, עס פארשטעהט נאך ניט גוט ווי צו האלטען זיך אין געזעלשאפט. א גראבעל טאן, א שטופּ טאן, א בייס טאן אן אנדער קינד איז א גאנץ נאטירליכער ספּארט. מען דארף זיך ניט שטארק שרעקען פאר אזעלכע געפיהלען־אויס־דריקע. דאס קינד וואקסט געוועהנליך ארויס פון דעם אזוי שנעל, ווי עס געפינען זיך א פּאר בעלנים צוריקצוגעבען. עס קען זיין, דאס קינד וועט שפּעטער אויך ליעב האבען צו געבען שלאגענדע ארגומענטען אבער דאס וועט שוין זיין באוואוסטזיניג, צוליעב גע־וויסע אורזאכען; ווייל מען וויל עפּעס צונעמען ביי א צווייטען, דער צווייטער האט צוגענומען, אדער מען וויל זיך אין איינעם נוקם זיין פאר וועלכען עס איז אנדער חטא. ביי דעם קליינינקען

קינד אָבער איז דאָס פאַרשאַפען פיזישען וועהטאָג ניט מעהר ווי אַ
שפּיעל, פּשוט עס פּרובירט זיינע כחות.

פון דריי יאָהר אָן דאַרף מען שוין נעמען ערנסט קוקען
אויף דעם קינד'ס געזעלשאַפט. אויב ביז דאַן איז פאַר איהם גע־
ווען גענוג צו געהן שפּאַצירען מיט דער מאַמע, צו שפּיעלען מיט
דעם פּאַפּאַ, ווערט איהם אצינד גאַנץ ענג אין אַזאַ שמאָלען קרייז.
עס וויל זיך ארויס ווייטער, אָנהויבען פיהרען אַ געזעלשאַפטליכען
לעבען. דערצו וואקסט דער חשק צו דראַמאַטישער שפּיעל אויף אַ
גרעסערער סצענע. עס איז שוין ניט גענוג דורכצומאַכען אלע
מוטערליכע ערפאַהרונגען מיט דער פּופּע אליין. מען וויל שוין די
„בייבי" זאָל האָבען אַ פּאַפּאַ. באַלד וועט מען שוין דאַרפען שפּיע־
לען „שול", „קראָם", „מלחמה" און דאָרט ווען זיך געוויס פאַ־
רערען עטליכע חברים צו צוטיילען די ראָלען.

אמבעסטען קען דיזער געפיהל צו געזעלשאַפטליכער שפּיעל
באַפרידיגט ווערען אין אַ שול. געהט אָבער דאָס קינד נאָך ניט
אין קיין שול, דאַרף מען יעדענפאַלס זעהן געבען איהם די גע־
זעלשאַפט פון אנדערע קינדער. דאָס איז דער איינציגער וועג צו
באַפרידיגען דעם קינד'ס נאַטירליכען פאַרלאַנג נאָך געזעלשאַפט
און צו ענטוויקלען אין איהם דעם ריכטיגען באַגריף וועגען באַ־
ציהונגען מיט זיינע מיטמענשען, ווען עס וועט אויסוואַקסען.

אַ קינד וואָס וואַקסט אָהן קינדער איז זעהר עגאָאיסטיש, ווייל
עס איז געוואוינט אימער צו קריגען פון די גרויסע מעהר ווי צו
געבען. די נאַטירליכע ליעבע צו מיטמענשען ווערט אין איהם
אָפּגעשוואַכט און שפּעטער זוכט עס שוין גאָרניט צונויפצוקומען
זיך מיט אנדערע. דער געזעלשאַפטליכער א י ך ווערט פאַר־
טונקעלט און דער עגאָאיסטישער א י ך ווערט צו פּראָמינענט.
אַ קינד וואָס שפּיעלט ניט מיט קינדער פאַרלירט פיעל פון זיין
איינען לעבענס־גליק און קען ווייניגער גליק פאַרשאַפען די, וואָס
זיינען מיט איהם.

דעם קינד'ס לעבען צווישען זיינע חברים לערענט איהם קאָנ־
טראָלירען זיינע אינסטינקטען, ווען דיזע אינסטינקטען זיינען אין
ווידערשפּרוך מיט די פאָדערונגען פון זיין געזעלשאַפטליכען לעבען.
עס לערענט איהם נאָכצוגעבען אַ צווייטען, ווען נויטיג, און פאַר־

בוינען אמאָל די אייגענע אינטערעסען. עס מאכט איהם אויך פריימוטיגער און גיט איהם א פאָרבערייטונג צו לעבען אין א געזעלשאפט, ווען עס וועט ארויס פון די קינדערשע יאָהרען.

ווי גוט אָבער עס איז ניט פאר דעם קינד צו זיין צווישען אנדערע קינדער, איז עס ניט ווינשענסווערט צו לאָזען איהם פיהרען זיין געזעלשאפטליך לעבען אָהן דער אויפפאסונג פון אן עלטערען. עס איז דורכאויס נויטינג פאר דער מוטער צו קענען די חברים, מיט וועלכע איהר קינד קומט זיך צוזאמען. ביי דער בעסטער ערציהונג אין דער היים קען אמאָל א קינד ווייזען זעהר טרויעריגע רעזולטאטען, אויב עס קומט אין שלעכטער געזעלשאפט און קריגט די ווירקונג פון דאָרט. מען קען ניט אימער צוקלייבען פונקט די געזעלשאפט, וועלכע מען וואָלט וועלען פאר דעם קינד. ווען מען קען אָבער די חברים, גיט זיך אמאָל איין אויסצונוצען א ווירקונג אויף זיי.

מען דארף מאכען די היים אנציהענד פאר די אנדערע קינדער. זיי לאָזען שפּיעלען מיט דעם קינד'ס שפּיעלצייג, דערצעהלען זיי מעשות, מאכען פאר זיי פארשיידענע שמחות, אונטערהאלטונגען. דאן וועלען זיי שעצען דאָס הויז און זיי וועלען זיך אונטערגעבען אונטער דער ווירקונג פון די ערוואקסענע, וואָס פארשאפען זיי פארגעניגען. אויך וועט דער פאקט, וואָס די קינדער וועלען זיך געפינען אין הויז, געבען דער מוטער א מעגליכקייט זיי צו בעאָבאכ־טען און מערקען, ווי זיי שפּילען, וואָס פאר א געשפּרעכען זיי פיה־רען און דאָסנלייכען.

דאָס בעסטע איז נאטירליך אויב עס ניט זיך איין צו קריגען דעם קינד'ס געזעלשאפט צווישען באקאנטע, וואו די מוטערס קענען זיך צונויפריידען און ערציהען זייערע קינדער לויט א געמיינ־שאפטליך אָנגענומענעם פּלאן. קאָן מען אָבער דאָס ניט אויס־פיהרען בלייבט דאָס נעקסטע בעסטע צו באָאבאכטען און באאיינ־פלוסען דעם קינד'ס חברים אזוי, אז זייער געזעלשאפט זאָל ברענגען דעם קינד ניט נאָר פארגעניגען, נאָר אויך די מעגליכסט בעסטע נוצען.

